אַרטהור רענסאָם

# אין סאָוועטען רוסלאַנד אין 1919

איבערזעצט פון ענגליש
דורך ג. ברוך

פערלאַג
נייע וועלט

# קיין פּעטראָגראַד

דעם 30טען יאַנואַר איז אַ פּאַרטיע פון פיער ציימונגס־קאָרעספּאָנדענטען, צוויי נאָרוועגער, איין שוועיד און איך אָפּגעפאָהרען פון שטאָקהאָלם נאָך רוסלאַנד. מיר זיינען געפאָהרען צוזאַמען מיט די מיטגלידער פון דער סאָוועט־רעגירונגס־לעגאַציע, אָן דער שפּיץ פון וועלכער עס זיינען געשטאַנען וואָראָווסקי און ליטווינאָוו, וועלכע האָבען זיך אויך אוימגעקעהרט אהיים, נאָכדעם ווי שוועדען האָט אָפּגעבראָכען איהרע אָפיציעלע פאַרהעלטנישען מיט דער סאָוועט־רעגירונג.

מיט עטליכע חדשים צוריק האָב איך שוין געהאַט געקראָגען אָן ערלויבניש פון די באָלשעוויקעס אַריינצוקומען אין רוסלאַנד, כדי איך זאָל קאָנען זאַמלען מיין וויכטיגען מאַטעריאַל פאַר מיין געשיכטע פון דער רעוואָלוציע. נאָר אינ׳ם לעצטען מאָמענט האָט זיך אַרויסגעוויזען אַ געגנערשאַפט צו מיין אַריינקומען, און עס האָט שוין געהאַלטען ביי דעם, אַז מען זאָל מיר ענטזאַגען די ערלויבניש.

אָבער גליקליכערווייזע איז קיין שטאָקהאָלם אָנגעקומען אַ קאָפּיע פון דער „מאָרנינג פּאָסט“ מיט אַ באַריכט פון מר. לאַקהאַרט׳ס אַ לעקציע, אין וועלכער ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז איך האָב ניט געהאַט קיין שום רעכט צו רעדען וועגען דער איצטיגער לאַגע אין רוסלאַנד, ווייל עס איז שוין אַ זעקס חדשים, אַז איך בין דאָרט ניט געוועזען. באַוואָפענט מיט דעם דאָזיגען באַריכט, האָב איך גע׳טענה׳ט, אַז עס וואָלט געווען זעהר ניט־ריכטיג, אויב מען וואָלט מיר ניט ערלויבט צו קומען און צו זעהן אַלץ אַליין פאַר זיך.

קיין וויכטיגע שוועריגקייטען האָב איך שוין ניט געהאַט.

מיט אַ שיף האָבען מיר דערגרייכט אַ ב אָ, דורכשניי־

רענדיג זיך דורכ'ן אייז, און פון דאָרטען זיינען מיר געפאָהרען מיט'ן צוג צו דער רוסישער גרעניץ. עס האָט אונז גענומען מיט עטליכע טעג לענגער, ווי עס נעהמט געוועהנליך, א דאנק מאנכע אָפּהאַלטונגען, וועלכע די פינלענדישע בעאַמטע האָבען דערקלערט אויף פערשיעדענע אופנים. מען האָט אונז געזאָגט, אַז די רוסישע ווייסע גוואַרדיע האָט געפּלאַנעוועט אַן אטאַקע אויפ'ן צוג. ל י ט װ י נ אָ ו, האַלב שמייכלענדיג, האָט זיך געוואונדערט, אויב זיי האָבען אומישנע ניט אָפּגעהאַלטען אונז, כדי צו געבען דער ווייסער גוואַרדיע א שאַנס צו אָרגאַניזירען טאַקי אַזאַ אַטאַקע. עטליכע נערוועזע לייט זיינען אויך געווען פון דער זעלבער מיינונג.

אָבער אין װ י ב א ר ג האָט מען אונז געזאָגט, אַז אין פּ ע ט ר אָ ג ר א ד קומען איצטער פאָר ערנסטע אומרוהען, און אַז די פינלענדער האָבען דעריבער ניט געוואָלט, אַז מיר זאָלען אריינפאַלען אין מיטען פון דעם טומעל. דאַן האָט איינער געקראָגען א צייטונג, און מיר האָבען געלייענט א פולען באַריכט וועגען דעם, וואָס האָט געהאַלטען אין פאָרקומען.

דער דאָזיגער באַריכט, ווי איך האָב מיך דערוואוסט אויף מיין צוריקקעהר, איז שוין ווי געהעריג אָפּגעטעלעגראַפירט געוואָרען נאָך ענגלאַנד, ווי א סך אַנדערע נייעס פונ'ם זעלבען כאַראַקטער. אין פּעטראָגראַד איז, פאַרשטעהט איהר מיך, פאָרגעקומען אַן ערנסטער אויפשטאַנד. דער סעמיאָנאָווער פאָלק איז אויך אריבערגעגאַנגען צו די בונטאָוושציקעס, וועלכע האָבען איינגענומען די שטאָדט. דער רעגירונג אָבער איז עס געלונגען צו אַנטלויפען קיין ק ר אָ נ ש ט א ד ט, פון וואַנען זיי האָבען געהאַלטען אין באָמבאַרדירען פּ ע ט ר אָ ג ר א ד מיט פלאָטהאַרמאַטען.

דאָס האָט געקלונגען גאַנץ לעבעדיגלאַך, נאָר מען האָט גאָרניט געקענט טאָן, האָבען מיר פאַרענדיגט אונזער שאַך־טורנאַמענט, וועלכען מיר האָבען נאָך אָנגעהויבען אויפ'ן שיף. אַן עסטאָנער האָט געוואונען, און איך בין געווען דער צווייטער. רורך א גליקליכען געווינס איבער ליטווינאָוו'ן, וועלכער איז אין דער אמת'ן א בעסערער שאַך־שפּיעלער.

זונטאג ביינאכט זיינען מיר אָנגעקומען קיין ט ע ר י ק א, און מאָנטאג האָבען מיר פּאמעליכקע זיך גערוקט צו דער פינ־לענדישער גרעניץ לעבען ביעלאָסטראָוו. א סקוואד פיננישע סאָלדאטען האָט אונז אָפּגעוואַרט, ניט אריינלאָזענדיג קיינעם אין וואקזאל, און אכטונג־געבענדיג גאנץ גוט, אז קיין געפעהר־ליכער רעוואָלוציאָנער זאָל זיך ניט אריינכאפּען אין דער פינני־שער טעריטאָריע. קיין פערד זיינען ניט געווען, נאָר מען האָט געבראכט דריי האנט־שליטלאַך, און מיר האָבען ארויפגעפּעקעלט אויף זיי אונזער באגאַזש, און אָנגעהויבען שפּאצירען צום גרע־ניץ, באגלייט ווי געהעריג דורך א פינלענדישען קאָנוואָי.

ביים שפּיץ פון דער פּראָצעסיע איז געגאנגען א פינלענ־דישער לייטענאנט, וועלכער האָט גוטמוטיג געפּלוידערט אין שוועדיש און דייטש, אָט ווי א מענש וואָלט עס געהאלטען פאר זיין פליכט צו זיין פריינדליך צו א גרופּע אומגליקליכע מענשען, וועלכע האלטען ביי אריינגעוואָרפען ווערען אין א זידענדיגען קעסעל. עטליכע הונדערט פוס זיינען מיר געגאנגען פּאזע דער ליניע, און דאן האָבען מיר פּארקירעוועט אויף א וועג טיף אין שניי דורך א קליינעם שיטערען וועלדעל, ביז וואנען מיר זיינען צוגעקומען צו א קליינעם הילצערנעם בריקעל איבער א שמאָל פּארפרוירענעם טייכעל, וועלכער טיילט אָפּ פינלאנד פון רוס־לאנד. דער בריק האָט א ראגאטקע אויף יעדען ענד, צוויי וועכ־טער־ביידלעך און צוויי וועכטער. די ראגאטקע אויף דער רוסי־שער זייט איז געווען געפּארבט אין דעם באקאנטען שווארץ און ווייס פון דער אלטער רוסישער אימפּעריע. די פינלענדער האָ־בען, ווי עס ווייזט אויס, נאָך ניט געהאט געגוג צייט אָפּצופּאר־בען זייער ראגאטקע און וועכטער־ביידעל.

די פינלענדער האָבען אויפגעהויבען דעם שלאגבוים, און די פינישע בעאמטע, וועלכע האָבען אָנגעפיהרט אונזער פּארטיע, זיינען פּייערליך צוגעגאנגען ביז׳ן מיטען בריק. דאמאָלסט האָט מען דאָרטען אויסגעשאָטען אונזערע פּעקלאך, אין דער צייט, וואָס מיר זיינען געשטאנען און געזעהן ווי דאָס אלטע צופוילטע בריקעל ציטערט אינגאנצען אונטער דעם משא פון אונזערע פּעק־

לאַך, ווייל מיר האָבען גענומען מיט זיך אזוי פיעל שפּייז, ווי־
פיעל עס איז אונז נאָר מעגליך געווען.

אונז האָט מען ניט ערלויבט ארויפצוקומען אויפ'ן ברי־
קעל, ביז וואנען אַן אָפיציר און עטליכע סאָלדאטען זיינען
ארויפגקעומען אויפ'ן בריק פון דער רוסישער זייט. אונזער
קליינע נ י נ א, ו ו א ר א ו ו ס ק י'ס טאָכטער, א מיידעלע
פון א יאָהר צעהן, וועלכע האָט געפּלוידערט אין שוועדיש מיט
די פינען, האָט זיך מיט זיי אָפּגעזעגענט. שעמעוודיג, טראט
ביי טראט, איז זי אריבערגעגאנגען צו דער אנדער זייט בריק,
און געשלאָסען באקאנטשאפט מיט'ן סאָלדאט פון דער רויטער
ארמיי, וועלכער איז דאָרטען געשטאנען, די ביקס אין האנט,
ער האָט זיך גערן איינגעבויגען און באוויזען איהר זיין הוט
מיט'ן צייכען פון דער ר ע פּ ו ב ל י ק פ ו ן פּ ו י ע ר י ם
א ו ן א ר ב י י ט ע ר, א סערפּ אריבערגעלייגט איבער א האַ־
מער.

ענדליך האָט דער פינישער לייטענאנט גענומען דעם ליסט
פון זיינע געפאנגענע און אויסגערופען די נעמען פון „וואראוווסקי,
ווייב און איין מיידעלע", זיך אומקוקענדיג מיט א געלעכטער
אויף נינא'ן, יועלכע האָט געפלירטירט מיט'ן וועכטער. דאַן —
„ליטווינאָוו" און אזוי ווייטער, ארום דרייסיג רוסען. מיר, די
פיער בעזוכער, גרימלונדע דער שווייד, פונטערוואלד און סטאנג,
די נאָרוועגער, און איך, זיינען געקומען צום לעצט.

צום סוף, נאָך אַלגעמיינע געזעגענונגס־אויסרופען, און
„העלזע פינלאנד" פון נינא'ס מיילכעל, האָבען זיך די פינלענדער
אומגעקעהרט צוריק צו זייער ציוויליזאציע, און מיר האָבען אָנ־
געהויבען צו שפּאנען פאָראויס, צו דער נייער, קעמפענדיגער
ציוויליזאציע פון רוסלאנד. אריבערגעהענדיג דעם בריקעל, האָ־
בען מיר אריבערגעשפּאנט פון איין פילאָזאָפיע צו איין אנדערער.
פון איין עקסטרעם פונ'ם קלאסענקאמף צום אנדערען, פון דער
דיקטאטור פון דער בורזשואזיע צו דער דיקטאטור פונ'ם פּראָ־
לעטאריאט.

דעם קאָנטראסט האָט מען גלייך געקאָנט באמערקען. אויף
דער פינלענדישער זייט פון דער גרעניץ האָבען מיר געזעהן דעם

גראַנדיעזען נייעז גרעניץ־וואָקזאַל, א סך גרעסער, ווי מען וואָלט וואהרשיינליך געדאַרפט האָבען, אָבער א גוטער אויסדרוק פון׳ם גייסט פון דער נייער פינלאַנד. אויף דער רוסישער זייט זיינען מיר אָנגעקומען צום זעלבען אַלטען הילצערנעם גרויען וואָקזאַל, וועלכער איז אַזוי גוט באַקאַנט צו אַלע רייזענדע קיין און פון רוסלאַנד מיט זיינע פּאַספּאָרטען־שוועריגקייטען און זידלערייען. עס איז ניט געוועזען צו זעהן קיינע פּאָרטערס, אָבער דאָס איז ניט געוועזען פאַר אונז קיין סיורפּריז, ווייל פּאַזע דעם גרעניץ האָבען מיר געזעהן שפּיציגען דראָט און א זעהר פיינדליכער סאָרט ניי־טראַליטעט. דאָס אַריבערפאָהרען איבער׳ן גרעניץ האָט כמעט איינגאַנצען אויפגעהערט.

אינ׳ם בופעט, וואו עס איז געוועזען זעהר קאַלט, האָט מען נים געקענט קויפען קיין שפּייז. די לאַנגע טישען, וועלכע זיינען אין די אַלטע גוטע צייטען געוועזען אָנגעלאָדען מיט איקרע (קאַ־וויאַר) און זאַקוסקעס זיינען איצט געשטאַנען ליידיג. דאָרטען איז אָבער געוועזען א סאַמאָוואַר און מיר האָבען געצאָהלט זעכציג קאָפּיקעס פאַר א גלאָז טיי און צוויי רובעל און א האַלב פאַר א שטיקעל צוקער. מיר האָבען אַריינגעבראַכט אונזער טיי אין דעם אינוויינינגסטען פּאַספּאָרט־חדר, וואו אַן אויוועז האָט געמוזט ברענען מיט א טאָג צוריק, און האָבען שוין ווי עס איז צוזאַמען־געשטעלט א מאָהלצייט פון פּ ו נ ט ע ר װ א ל ד׳ס שוועדי־שען האַרט־ברויט.

עס איז מיר שווער איבערצוגעבען דעם מאָדנעם געמיש פון נעדריקטקייט און פרייד, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט אונזער פּאַרטיע. פון איין זייט — דער דאָזיגער אַלטער, הונגעריגער וואָקזאַל. פון דער אַנדער זייט — דאָס באַוואוסטזיין, אַז מיר זיינען שוין ניט מעהר אונטער א וואַך, און זיינען מעהר אָדער װעניגער פריי צו טאָן, וואָס מיר ווילען.

די פּאַרטיע האָט זיך פּאַנאַנדערגעשפּאָלטען אין צוויי העלפט. איינע האָט געוויינט, און די אַנדער העלפט האָט גע־זונגען. מאַדאַם װ א ר א װ ס ק י, וועלכע איז ניט געוועזען אין רוסלאַנד זינט דער ערשטער רעוואָלוציע, האָט גאַנץ אָפען גע־וויינט. אָבער זי האָט נאָך מעהר געוויינט אין מ אָ ס ק װ ע,

וואו זי האָט אויסגעפונען, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זי איז די פרוי פון אַ הויכען רעגירונגס־בעאַמטען, האָט זי ניט קיין באַזונדערע פּריווילעגיעס, וועלכע זאָלען זי אָ פּ ה י ט ע ן פון די שוועריגקייטען פון דער איבריגער באַפעלקערונג.

אָבער די אינגערע מיטגלידער פון דער פּאַרטיע, צוזאַמען מיט ליטווינאָוו'ן, זיינען וואָס אַמאָל געוואָרען אַלץ פרעהליכער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי האָבען נאָך ניט געהאַט קיין מיטאָג. זיי האָבען אַרומגעשפּאַצירט איבער'ן דאָרף, געשפּילט זיך מיט די קינדער, און געזונגען, ניט קיין רעוואָלוציאָנערע ליעדער, נאָר סתם יעדע פרעהליכע לידעל, וואָס איז זיי אַריינגע־פאַלען אין קאָפּ אַריין.

ווען דער צוג איז ענדליך אָנגעקומען אַוועקפיהרען אונז נאָך פּעטראָגראַד, און מיר האָבען אויסגעפונען אַז די וואַגאָנעס זיינען ניט געהייצט, האָט עמיצער אַרויסגענומען אַ מאַנדאָלין, און מיר האָבען זיך דערוואַרימט דורך טאַנצען. אין דער זעלבער צייט האָט מיר באַנג געטאָן פאַר די פינף קינדער, וואָס זיינען געווען מיט אונז, וויסענדיג, אַז אַ לאַנד, וועלכע ליידט גלייכצייטיג פון מלחמה, בלאָקאַדע און רעוואָלוציע, איז ניט קיין פּאַסענדיגער פּלאַץ פאַר דער קינדהייט. אָבער די קינדער האָבען אויפגעכאַפּט די עלטערנ'ס שטימונג, די שטימונג פון רעוואָלוציאָנערען, וועל־כע פאָהרען אַהיים צו זייער רעוואָלוציע, זיי די קינדער, האָבען באַגייסטערט אַרומגעשפּרונגען איבער'ן וואַגאָן, און זיך אַרויפ־געזעצט דאָ אויף איינעמ'ס, דאָ אויף דעם אַנדערנ'ס קניה.

עס איז שוין געווען בין־השמשות'דיג, ווען מיר זיינען אָנ־געקומען קיין פּעטראָגראַד. דער פינלענדישער וואַקזאַל איז, עס פאַרשטעהט זיך, געווען כמעט פּוסט, אָבער דאָ זיינען געווען פיער טרעגער, וועלכע האָבען זיך געלאָזט באַצאָהלען צוויי הונדערט און פופציג רובעל פאַר'ן איבערטראָגען אונזער באַ־גאַזש פון איין ענד פּלאַטפאָרם צו דעם אַנדערען. מיר האָבען זעלבסט אַריינגעלייגט אונזערע פּעקלאַך אין דעם מאָטאָר־וועגענ־דעל, וועלכער איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו באַגעגענען אונז, פּונקט ווי מיר האָבען דאָסזעלבע געטאָן אין ב י ע ל א ס־ט ר א ו ו.

מיר האָבען געדאַרפט וואַרטען אַ היבשע ווײלע, ביז וואַ־נען מען האָט אונז אויסגעטיילט צימערען אין די פערשידענע האָטעלס. איך בין דערווייל, צוזאַמען מיט נאָך עטליכע מענשען אַרויסגעגאַנגען דרויסען פונ'ם וואָקזאַל, פאַנאַנדערפרעגען זיך ביי פאַרשידענע לייט וועגען דעם אויפשטאַנד און דער באָמבאַר־דירונג, פון וועלכע מיר האָבען נאָך געהערט אין פינלאַנד. קיי־נער האָט וועגען דעם גאָרניט געוואוסט.

אזוי שנעל ווי מען האָט אונז אויסגעטיילט אונזערע חדרים, און איך האָב מיך דערוואוסט, אַז איך האָב געהאט גע־נוג מזל צו קריגען אַ צימער אין דעם א ס ט אָ ר י א־האָטעל, בין איך אַוועקגעפאָהרען איבער'ן פאַרפאַרענעם טייך לעבען דעם ל י ט י י נ י ב ר י ק. די טראַמוויען האָבען געקורסי'רט. די שטאָדט האָט אויסגעזעהן אבסאָלוט שטיל. אַ ביסעל ווייטער אַרונטער טייך האָב איך געזעהן אין דער טונקעל, וועלכע איז קיינמאָל ניט איינגאַנצען טונקעל מחמת דעם שניי, די אונדייט־ליכע פאַרמען פון דער פעסטונג. איינס נאָך איינס בין איך פאַרבייגעפאָהרען די סמנים, וועלכע זיינען מיר אזוי היימיש געוואָרען פאַר די לעצטע זעקס יאָהר — דעם זומער־גאָרטען, די געביידע פון דער ענגלישער געזאַנדשאַפט, און דעם גרויסען פּאַלאַץ־פּראָספּעקט, וואו איך האָב געזעהן באַוואָפענטע אויטאָ־מאָבילען אַרומשמייענדיג בשעת דעם יולי־אויפשטאַנד, סאָלדאַ־טען אין לאַגערס בשעת די היסטאָרישע טעג פון דער קאָרנילאָוו געשיכטע, און אביסעל פריהער, קאָרנילאָוו'ן זעלבסט, אין אַ „סמאָטר" פון די קאַדעטען. מיין געדאַנק האָט אַוועקגעוואַנ־דערט נאָך ווייטער צוריק צום מערץ־אויפשטאַנד, ווען פון הינ־טער'ן גאַס־ווינקעל האָט זיך געהערט דאָס שיסען פון די רעוואָ־לוציאָנערען, בשעת די איבערבלייבעכצען פון דעם צאַר'ס רעגי־רונג האָבען פאַרריקט געהאַלטען אין איין דרוקען פּראָקלאַמאַ־ציעס, אין וועלכע זיי האָבען באַפעהלען דעם פאָלק צוריקצוקעה־רען זיך אַהיים, אין דער זעלבער צייט, וואָס זיי זעלבסט זיינען געוועזען באַלאַגערט אין דער געביידע פון דער אַדמיראַליטעט.

דערנאָך האָט זיך מיין געדאַנק אַ וואָרף געטאָן נאָך ווייטער צוריק, צו דעם טאָג פון דער קריגס־ערקלעהרונג, ווען דער זעל־ביגער פּראָספּעקט איז געווען אָנגעפילט מיט מענשען, און דער

צאַר איז אויף איין מינוט ארויסגעקומען אויפ'ן פּאַלאַץ־באַל־קאָן. נאָך ארום דער צייט זיינען מיר שוין אונטערגעפאָהרען צו דעם האָטעל אַ ס ט אָ ר י אַ, און איך האָב געמוזט באַשעפטי־גען מיין געדאַנק מיט גאָר עפּעס אַנדערש.

די אסטאָריאַ איז איצטער עהנליך בלויז אויף אַ קאַזאַרמע, אָבער איז פאַרהעלטניסמעסיג ריין. בשעת דער מלחמה און דער ערשטער צייט פון דער רעוואָלוציע איז דער האָטעל געווען הויפּטזעכליך באַזעצט מיט אָפיצירען. נאָך אַ דאַנק דער אידי־אָטסטוואָ פון אייניגע אָפיצירען אין דער צייט פון דער ערשטער רעוואָלוציע, ווען זיי האָבען געשאָסען אויף אַ המון פון פריד־ליבע סאָלדאַטען און מאַטראָסען, וועלכע זיינען בלויז געקומען איינצולאַדען זיי זיך אָנצושליסען אָן דעם המון, איז דאָן ערשטאַ־נען אַ געשלעג, און דער פּלאַץ איז גאַנץ היבשלאַך צושטערט גע־וואָרען. די צושטערטע ערטער זיינען שוין אינגאַנצען פאַרריכט געוואָרען. נאָר די רויטע טעפּיכער זיינען אַוועקגענומען געוואָרען, פּיליכט צו מאַכען פלאַגען. אַ סך עלעקטרישע לעמפּלאַך האָ־בען אויך ניט געברענט, מסתמא צוליעב אַ מאַנגעל אין עלעק־טריציטעט.

איך האָב ארויפגעשטעלט מיין באַגאַזש אין דער הויף, אין אַ גאַנץ אַנגענעמען צימער אויפ'ן פערטען עטאַזש. יעדער עטאַזש פונ'ם האָטעל האָט געהאַט פאַר מיר זיינע זכרונות. אין דעם צימער האָט געוואוינט יענער רעאַקציאָנערער אָפיציר, וועל־כער האָט זיך באַריהמט, אַז ער האָט געמאַכט אַן אָבלאַווע אויף די באָלשעוויקעס, און פלעגט באַווייזען דער קליינוואַוקסיגער מאַראַם קאַלאַנטאַי'ס הוט, אלס אַ טראָפעי. אין יענעם צימער פלעג איך הערען פּ ע ר ס א ו ו א ל ג י ב א ן ריידענדיג ווע־גען דעם, ווי אַזוי צו שרייבען נאַוועלען, אין דער צייט, וואָס ער איז געווען קראַנק אויף אינפלוענצע. דאָ איז געווען דער חדר, וואו מיס ב י ע ט י פלעגט טראַקטירען די רעוואָלוציאָ־נערען מיט טיי, אין דער צייט וואָס זי האָט געשריבען איהר בוך, דאָס איינציגע בוך, וואָס איז דערוויילי ערשינען, געבענדיג אַן

אמת׳דיג אימפּרעסיאָניסטישען בילד פון יענע אומפּאַרגעסליכע טעג.

איך האָב מיך נאָכגעפרעגט, אויב מען קאָן קריעגען א מאָהלצייט, און אויסגעפונען, אַז אין האָטעל איז ניטאָ צו קריגען קיין שפּייז, אויסער הייסע וואַסער. דאַן, כדי צו קריגען אַן אַפּעטיט צום שלאָפען, בין איך אַרויסגעגאַנגען פאַר א קורצען שפּאַציר, כאָטש איך האָב ניט געהאַט קיין גרויסען חשק דאָס צו טאָן, ווייל ביי מיר אין קעשענע האָב איך ניט געהאַט קיינע פּאַפּירען, אויסער מיין ענגלישען פּאַספּאָרט, וועלכע זאָלען צייגען, אַז איך האָב געהאַט א רעכט צו זיין דאָ, אַזוי גוט ווי צו די אַנדערע אויסלענדער, האָט מען אויך מיר צוגעזאָגט צו געבען אַזעלכע דאָקומענטען, אָבער דערווייל האָט מען עס ניט געטאָן.

איך בין אַוועקגעגאַנגען צו דער ר ע ג י נ אַ, וועלכער פלעגט זיין דער בעסטער האָטעל אין שטאָדט. נאָר די יעניגע פון מיינע חברים, וועלכע זיינען דאָרט איינגעשטאַנען, האָבען זיך אַזוי באַקלאָגט, אַז איך האָב זיי באַלד פאַרלאָזען, און אַוועקגעגאַנגען צוריק צו מיין האָטעל.

די גאַסען, ווי דער האָטעל, זיינען געווען בלויז האַלבבאַלויכטען. כמעט קיין איין הויז האָט ניט געהאַט קיין באַלויכטען פענסטער. אין שפּעטענס פלץ, וואָס איך האָב געטראָגען און איז מיין הויכער פּוטערנער קוטשמע, האָב איך אויסגעזעהן ווי א גייסט פון׳ם אַלטען רעזשים, וועלכער באַזוכט א שוין לאַנג טויטע שטאָדט. די שטילקייט און די ליידיגקייט פון די גאַסען האָבען בייגעשטייערט צו דעם דאָזיגען עפעקט. די עטליכע מענשען, וואָס איך האָב אָבער באַגעגענט, האָבען גאַנץ פרעהליך גערעדט. די זעלטענע שליטענס און מאָטאָרען האָבען „גערעדט פאַרהעלטניסמעסיג גוטע וועגען, ווייל די גאַסען זיינען איצט א סך בעסער געווען אויסגעקעהרט און גערייניגט, ווי זינט דעם לעצטען ווינטער פון דער רוסישער אימפּעריע.

## ס מ אָ ל נ י

אויף מאָרגען גאַנץ פריה האָב איך געקראָגען אביסעל טיי און א ברויט־קאַרטע, מיט וועלכער איך האָב געקראָגען א שטי־

קעל ברויט, אַ היבש ביסעל בעסער אין קוואַליטעט פון יענעם צוגויפמיש פון ליים און שטרוי, פון וועלכען איך בין קראַנק גע־וואָרען אין מ אָ ס ק ו ו ע לעצטען זומער. דאַן בין איך אוועקגעגאַנגען אויפצוזוכען ליטווינאָוו'ן, און צוזאַמען האָבען מיר אוועקגעשפּאַצירט אין דעם סמאָלני אינסטיטוט. צוערשט איז דער דאָזיגער אינסטיטוט געוועזען אַ שוהלע פאַר אַריסטאָקראַ־טישע טעכטער, שפּעטער איז ער געוואָרען די סאָוועט־הויפּט־קוואַרטיר פון דער סאָוועט־רעגירונג, און ענדליך, ווען די סאָ־וועטען־רעגירונג האָט עוואַקואירט נאָך מאָסקווע, איז די געביי־דע איבערגעגאַנגען צו דער צפון'דיגער קאָמונע און דעם פּע־טראָגראַדער סאָוויעט.

אין טאָג־ליכט קוקט אויס די שטאָדט אַ סך ווייניגער פאַר־לאָזען, הגם עס איז געווען קענטיג, אַז דאָס „איבערפיהרען" פון דער פּעטראָגראַדער באַפעלקערונג, וועלכעס איז נאָך פאַר־זוכט געוואָרען אָהן ערפאָלג אין דער צייט פון'ם קערענסקי־רעזשים, איז אין אַ גרויסער מאָס פערווירקליכט געוואָרען. טייל־ווייז איז דאָס געווען דער רעזולטאַט פון הונגער און פון'ם אָפּ־סטאַפּען פון די פאַבריקען, אַ דאַנק דער אוממעגליכקייט צו ברייגגען הייץ־מאַטעריאַל קיין פּעטראָגראַד.

אַ זעהר גרויסער פּראָצענט פון די פאַבריק־הענט האָבען ניט, ווי עס איז דער פאַל אין אַנדערע לענדער, איבערגעשני־טען זייערע פאַרבינדונגען מיט זייערע געבורטס־דערפער. עס האָט אַלעמאָל עקזיסטירט אַ געוויסע יעהרליכע וואַנדערונג הין און צוריק צווישען די דערפער און דער שטאָדט, און אַ גרויסע צאָהל אַרבייטער איז אוועקגעפאָהרען אהיים, מיטברייגגענדיג מיט זיך רעוואָלוציאָנערע אידעעס.

וואָס עס וואַרפט זיך אַממייסטען אין די אויגען אין פּע־טראָגראַד איינעם, וועלכער איז שוין דאָרטען ניט געווען אַ זעקס מאָנאַטען, איז — דאָס פאָלשטענדיגע פאַרשווינדען פון באַ־יואַפענטע ליים. די שטאָט שיינט אויס, האָט זיך אומגעקעהרט צו אַ פאָלשטענדיגען פרידליכען צושטאַנד, אזוי אַז עס איז ניטאָ קיין נויטווענדיגקייט אין רעוואָלוציאָנערע פּאַטרולען. די סאָל־דאַטען, וועלכע שפּאַצירען אַרום, טראָגען מעהר ניט קיין ביק־

סען, און מען זעהט שוין מעהר ניט די פאַנטאַסטישע פיגורען פון רעוואָלוציאָנערען, אַרומגעוויקעלט אין פּאַסען מאַשין־ביקס קוילען.

די צווייטע זאַך, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגען, באַזונ־דערס אויפ'ן נעווסקי פּראָספּעקט, וועלכער פלעגט אַלעמאָל זיין אָנגעפּילט מיט פראַנטאָווסקע געקליידעטע לייט, איז די אַלגע־מיינע אָפּוועזענהייט פון נייע קליידער. איך האָב ניט געזעהן קיינעם, וועלכער זאָל טראָגען קליידער, וואָס זיינען אַלט ווי־ניגער פון צוויי יאָהר, אויסער איינציגע אָפיצירען און סאָלדאַ־טען, וועלכע זיינען אזוי גוט געקליידט איצט, ווי ביים סאַמע אָנפאַנג מלחמה. פּעטראָגראַדער דאַמעס האָבען באַזונדערס שטאַרק ליעב געהאַט שטיבלעטלאַך, און אין שטיבלעטלאַך פיהלט זיך איצט א גרויסער מאַנגעל. איך האָב געזעהן א יונגע פרוי אָנגעטאָן אין א גוטען, ווייזט אויס גאַנץ טייערען פוטעריל, און אויף די פיס האָט זי געטראָגען שטרויענע שיך, אַרומגעוויקעלט מיט אָניצעס.

מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען גאַנץ שפּעטליך, אַלזאָ האָבען מיר גענומען דעם טראַמוויי. די קאָנדוקטאָרען זיינען נאָך אַלץ פרויען. א בילעט קאָסט איצטער א רובעל, וועלכען מען צאָהלט, האָב איך באַמערקט, מיט מאַרקעס. פריהער פלעגט עס בלויז קאָסטען צעהן קאָפּיקעס.

דער געפּאַנצערטער אויטאָמאָביל, וועלכער פלעגט שטעהן ביים אַריינגאַנג אין סמאָלני אינסטיטוט, איז שוין פאַרשוואונדען. אַנשטאַט איהם איז אָוועקגעשטעלט געוואָרען א שווידערליכע סטאַטוע פון ק א ר ל מ א ר ק ס'ן, א דיקער און א שווערער, אויף א מאַסיווען פעדעסטאַל, האַלטענדיג הינטער זיך א ריעזי־גען הוט, ווי דער מויל פון אן אכטצעהן־אינטשיגען האַרמאַט. די איינציגע סמנים פון א דעפענסיווער צוגרייטונג, וועלכע זיי־נען נאָך פאַרבליבען, זיינען א פּאָר לייכטע פעלד־האַרמאַטען, וועלכע שטעהן אונטער'ן פּאָרטיקאַ.

אינוויינינג געהט אָן די רוטינע אַרבייט, ווי געוועהנליך. איך האָב קוים געקענט גלויבען, אז איך בין שוין דאָ ניט געווען א זעקס חדשים. דער פּלאַץ איז פוסטער, ווי פריהער. עס

זעהן זיך שוין מעהר ניט די באַגייסטערטע פּראָווינץ־דעלעגאַ־טען, וועלכע פלעגען ארומשמייען הין און צוריק איבער די קאָ־רידאָרען, און צונויפזאמלען ליטעראטור פון די פּאָליצעס, וועל־כע איך האָב געזעהן אין די אַלטע צייטען, ווען דער קליינינקער ערנסטער ארבייטער פון ו ו י ב אָ ר ג פלעגט שטעהן וואך איבער טראָצקי׳ס טיר, און פון אונטען פלעגט זיך הערען דער טומעל פון די דעבאַטעס פון׳ם פּעטראָגראַדער סאָוויעט.

ליטווינאָוו האָט מיך איינגעלאַדען אויף מיטאג מיט די פּעטראָגראַדער קאָמיסארען, און איך האָב גערן אָנגענומען די איינלאַדונג, טיילווייז, מחמת איך בין געווען הונגעריג, און טייל־וויז, מחמת איך האָב זיך געטראַכט, אז עס וואָלט בעסער געווען, אז איך זאָל באַגעגענען ז י נ א ו י ע ו ו׳ן אויף אזא אופן, ווי אויף אירגענד אַנדער אופן. ווייל איך האָב גוט געדיינקט, ווי קרום ער האָט אויף מיר געקוקט אין דער ערשטער צייט פון דער רעוואָלוציע.

ז י נ א ו י ע ו ו איז א איד, מיט א סך האָר, א קיילעכ־דיגען גלאַטען פּנים, און זעהר שארפע מאַניערען. ער איז געווען נעגען דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע, נאָר אז זי איז שוין פּאָרגעקומען, האָט ער זיך אומגעקעהרט צו זיין אַלטער פריינד־שאַפט מיט ל ע נ י נ׳ען, און איז געוואָרען דער פּרעזידענט פון דער צ פּ ו נ׳ד י ג ע ר ק אָ מ ו נ ע, און איז פאַרבליבען אין פּ ע ט ראָ ג ר א ד, בשעת די רעגירונג האָט זיך ארי־בערגעקליבען קיין מ אָ ס ק ו ו ע. ער איז ניט קיין אָריגינעלער דיינקער, און אויך ניט קיין גוטער אָראַטאָר, סיידען אין א דע־באַטע, ענטפערענדיג אן אָפּאָנענט. דאָס קען ער טאָן זעהר פעהיג.

זיינע נערוועז זיינען היבשלאַך צוטרייסעלט געוואָרען, ווען זיינע פריינד וואָלאָדארסקי און אוריצקי זיינען ערמאָרדעט גע־וואָרען לעצטען יאָהר. מען דערצעהלט, אז ער האָט גאָר פאַר־לאָרען זיין קאָפּ נאָכדעם, ווי עס איז געמאַכט געוואָרען אן אטאַ־קע אויף זיין פריינד לענינ׳ען, צו וועלכען ער איז זעהר שטארק איבערגעגעבען. איך האָב געהערט א סך קאָמוניסטען זאָגען, אז די עקסצעסען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין פּעטראָגראַד

גלייך נאָך דער אַטאַקע אויף לעניג'ען, קאָנען צוגעשריבען ווע־
רען צו דעם דאָזיגען פאַקט.

איך האָב קיינמאָל אין איהם ניט באַמערקט עפּעס, צוליעב
וואָס מען זאָל איהם קאָנען באַטראַכטען אַלס פּראָ־דייטש, כאָטש
עס פאַרשטעהט זיך, ער איז פּראָ־מאַרקס. ער האָט אָבער אַ
באַשטימטען פאַראורטייל קעגען די ענגלענדער. ער איז געווען
צווישען די יעניגע קאָמוניסטען, וועלכע האָבען מיר פאַרשאַפט
גרויסע שוועריגקייטען, אַלס אַ „בורזשואזנעם זשורנאַליסט“, אין
די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע. איך האָב אויך געהערט,
אַז ער איז געווען שטאַרק פאַרדעכטיג און איהם איז שטאַרק
ניט געפעלען געוואָרען ראַדעק'ס אינטימע פריינדשאַפט מיט
מיר.

עס האָט מיך שטאַרק אַמוזירט צו באָאָבאַכטען דעם אויס־
דרוק אויף זיין פּנים, ווען ער איז אַריינגעקומען און מיך געטראָ־
פען זיצענדיג ביים טיש. ליטווינאָוו האָט מיך פאָר־
געשטעלט פאַר איהם, דערצעהלענדיג איהם זעהר טאַקטפול וועגען
לאַקהאַרט'ס אָנפאַל אויף מיר. דאָ איז זינאָ־
וויעוו געוואָרען גאַנץ פריינדליך מיט מיר, און האָט מיר
צוגעזאָגט, אַז אויב איך וועל קענען, אויף מיין צוריקקעהר פון
מאָסקווע, פאַרווייל‏ען עטליכע טעג אין פּעטראָגראַד, וועט ער
שוין זעהן, אַז איך זאָל האָבען צוגאַנג צו דעם היסטאָרישען
מאַטעריאַל וועגען די אויפטואונגען פון'ם פּעטראָגראַדער סאָ־
וויעט אין דער צייט פון מיין אַבוועזענהייט, וואָס איך האָב
אויך געוואָלט קריגען.

איך האָב איהם אויסגעדריקט מיין פאַרוואונדערונג צו טרע־
פען איהם דאָ און ניט אין קראַנשטאַדט. איך האָב זיך
אויך נאָכגעפרעגט וועגען דעם אויפשטאַנד און פאַרראַט פון
דעם סעמיאָנאָווער פאָלק. אַ גרויסער געלעכטער האָט אויסגע־
בראָכען. פאַזערן, אַ דאַרער מאַן, מיט אַ באָרד און שפּאַ־
קולען, דער קריעגס־קאָמיסאַר פון דער צפון'דיגער קאָמונע, וועל־
כער איז געזעסען ביים צווייטען עק טיש, האָט ערקלעהרט, אַז
קיין סעמיאָנאָווער פאָלק עקזיסטירט גאָרניט. די פאַבריצירער
פון דער מעשה, יעדער וואָרט פון וועלכער איז אַ ליגען, האָבען

געוואָלט צוגעבען דער געשיכטע דעם אויסזעהן פון אמת דורך דעם, וואָס זיי ווערען דאָ ארייננמישען דעם נאָמען פון דעם פּאָלק, וועלכער האָט געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע אין דער אונטערדריקונג פון׳ם מאָסקווער אויפשטאַנד מיט פערצעהן יאָהר צוריק.

דער דינער אין סמאָלני אינסטיטוט איז געווען, ווי אין די אַלטע צייטען, אָהן צערעמאָניעס, נאָר מען האָט געגעסען אַ סך וויינינער. די קאָמיסארען, מענער און פרויען, זיינען אריינגעקומען פון דער ארבייט, האָבען זיך אנידערגעזעצט אויף זייערע פּלעצער, אָפּגעגעסען און צוריק אוועק צו דער ארבייט. זינאָוויעוו, איבערהויפּט, האָט פארוויילט בלויז אַ פּאָר מינוטען.

דער מאָהלצייט איז געווען זעהר איינפאַך. סוף מיט עטליכע פעדים פערדען־פלייש, וועלכע זיינען דאָרטען ארומגעשיואומען, דוקא גאנץ געשמאַק. דערנאָך אַ ביסעלע קאשע צוזאמען מיט קליינע שטיקלאך פון עפּעס אַ ווייסען שטאָף, וועלכער האָט קיין אידישען טעם ניט געהאַט. צום סוף — טיי מיט איין שטיקעל צוקער. דער געשפּרעך האָט זיך הויפּטזעכליך געדרעהט ארום דער פראַגע וועגען די אויסזיכטען אויף פרידען. מען האָט אויסגעהערט מיט אנטוישונג ליטווינאָוו׳ם פּעסימיסטישע באריכטען.

פּונקט ווען איך האָב געענדיגט, זיינען אריינגעקומען וואָראָווסקי, מאַדאַם וואָראָווסקי, די קליינע נינא, צוזאמען מיט די צוויי נאָרוועגער און איין שוועד. איך האָב מיך דערוואוסט, אַז אַ העלפט פון דער פּארטיע פאָהרט אָפּ קיין מאָסקווע נאָך דיזעלבע נאַכט. איך האָב באַשטימט אָפּצופאָהרען צוזאַמען מיט זיי און אוועקגעאיילט אין מיין האָטעל.

## פון פּעטראָגראַד קיין מאָסקווע.

אונזער אָפּרייזען איז, עס פארשטעהט זיך, ניט פּאָרגעקומען אָהן אַ שרעקליכען מישמאַש. אין דער סאַמע לעצטער מינוט זיינען עטליכע מענשען נאָך ניט געווען פאַרטיג. מען האָט בלויז געקאָנט קריגען איין מאָטאָר פאַר ניין מענשען מיט זייער

לייבטען באַגאַזש, און איין מאָטאָר־טראָק פאַר די שווערע טשע־מאָדאַנעס. איך האָב אויסגעקליבען צו פאָהרען מיט דעם מאָ־טאָר־וואָגען, און איך האָב געכאַפּט אַ פיינעם האָפּקענדיגען פאָהר ביז׳ן וואָקזאַל. עס האָט מיך דערמאָהנט אָן עהנליכע, הגם פרעהליכערע און לעבעדיגערע ערפאַהרונגען בשעת די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע, ווען דיזעלביגע לאָררים *) פלעגען גע־ברויכט ווערען פאַר דעם טראַנספּאָרטירען פון מאַשין־ביקסען, רויטע גוואַרדיע, אָראַטאָרען, אַלערליי ענטוזיאַסטען, און יעדען איינעם, וועלכער פלעגט אַרויפקריכען.

אויפ׳ן ניקאָלאַיעווער וואָקזאַל איז אַלץ געווען אין גוטער אָרדנונג, ווען מיר זיינען אָנגעקומען. נאָר ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אין אונזער וואַגאָן, אַן אַלטער וואַגאָן פון דריטער קלאַס, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אַ געוויסע צאָהל פּלעצער, וועלכע זיינען רעזערווירט געוואָרען דורך איינעם פון אונזער פּאַרטיע, זיינען גאָר פאַרנומען געוואָרען דורך לייטע, וועלכע האָבען אויף זיי קיין רעכט ניט געהאַט. נאָר אַפילו די דאָזיגע שוועריגקייט איז אויסגעגליכען געוואָרען אויף אַן אופן, וועלכער וואָלט געווען אוממעגליך מיט אַ יאָהר, אָדער אַפילו מיט זעקס חדשים צוריק.

אין מיטען איז דער וואַגאָן צוטיילט געווען דורך אַ טיר. דאָרט זיינען געווען אָפענע קופּעס און פּלעצער ביי דער וואַנט. ביינאַכט זיינען דיזעלביגע פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין נאַרעס. מיר זיינען געשלאָפען אויף גאָלע ברעטער אין דריי רייהען, איי־נע איבער די אַנדערע. איך האָב געהאַט אַ גאַנץ אַנשטענדיגען פּלאַץ אויף די צווייטע נאַרעס, און, דורך אַ גליקליכען צופאַל, איז די אויבערשטע באַנק איבער מיר געווען פאַרנומען בלויז מיט באַגאַזש. דאָס האָט מיר געגעבען אַ מעגליכקייט אַרויפ־צוקריכען אין דער הויך, אונטער׳ן דאַך, וואו איך האָב געקענט זיצען מעהר אָדער ווייניגער גלייך, און מיינע פיס זיינען אַרונ־טערגעהאַנגען איבער׳ן אַלגעמיינעם גערודער פון מוטערס, קינ־דער און באָלשעוויקעס.

---

*) מאָטאָר־וועגענער.

אויף יעדער סטאנציע, וואו דער צוג האט זיך אפגעשטעלט, איז פארגעקומען אן אלגעמיינע פראצעסיע הין און צוריק דורכ'ן צוג. יעדער איינער, וועלכער האט נאר פארמאגט א טשאיניק, א קעסעלע, א מעשענע קענדעל, אדער אפילו אן אויס־געליידיגטע פלייש־בלעכעל, האט זיך געשטופט דורכ'ן וואגאן אין דרויסען ארויס, צו קריגען זודיגע וואסער.ביי מיר איז בלויז געווען א פאר טהערמאס־פלאשען, האב איך מיך אויך אנ־געשלאסען אן דעם עולם.

פון יעדען וואגאן האבען זיך געשאטען מענשען, און זיך געאיילט צו די קעסלען. קיינער האט ניט קאנטראלירט די קעס־לען, אבער, דורכ'ן אינסטינקט פאר קאאפעראציע, מיט וועלכען די ר ו ס ע ן צייכנען זיך אויס, האבען זיך אלע אויטאמא־טיש פארמירט אין רייהען. ווען דער צוג האט געהאלטען אין אפפאהרען, האבען זיך שוין אלע געפונען צוריק אין זייערע פלעצער, און געווען מוכן ומזומן פאר אן אלגעמיינעם טיי־טרינקען.

דער דאזיגער ספעקטאקעל האט זיך איבערגע'חזר'ט עט־ליכע מאל דורך דער נאכט. מענשען האבען אנגעהויבען צו דרעמלען, האבען זיך אויפגעכאפט, האבען ווייטער געטרונקען טיי, און האבען זיך אנגעשלאסען אן די פארשידענע געשפרע־כען, וועלכע זיינען פארגעקומען אין פיעלע טיילען פונ'ם וואגאן.

ביי מיר אין דער הויך, האב איך מיך צוגעהערט אט צו איין געשפרעך, און אט צו אן אנדערען. מאנכע האבען אונ־טערגעבורטשעט אויף די פרייזען אויף עסענוואַרג. אנדערע האט זיך ניט געקאנט פאטופיען, צוליעב וואס איינינע פעלקער האבען זיך עס אזוי איינגעשפארט, און האלטען מלחמה מיט זיי.

איין מאן האט געזאגט, אז ער איז א חבר, און איז דורך פארשידענע וועגען געקומען פון ארכאנגעל. באשרייבענדיג די אומצופרידענקייט דארט, האט ער דערצעהלט א געשיכטע, וועל־כע איך גיב דא איבער אלס אן אילוסטראציע פון דעם סארט רייד, וועלכע די ניט־באלשעוויקעס ריידען אין רוסלאנד.

דער דאָזיגער מענש, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אזוי פיעל קאָמוניסטען זיינען געווען אנוועזענד אינ'ם וואגאָן, האָט אָבער ניט באהאלטען זיין פיינדשאפט צו זייערע טעאָריעס און פראַקטיק. פונדעסטוועגען האָט ער דערצעהלט די דאָזיגע גע־שיכטע.

ער האָט דערצעהלט, אז א טייל פון דעם רוסישען חיל אין דעם ארכאנגעל־דיסטריקט האָט זיך ענטזאגט צו געהן צום פראָנט. זייערע קאָמאַנדירען, ניט זייענדיג אין שטאַנד צו צווינגען זיי, האָבען רעזיגנירט פון זייערע עמטער. די אנדערע אָפיצירען, וועלכע זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען אויף זייערע פלעצער, זעהענדיג, אז זיי קענען גאָרניט מאַכען מיט די סאָל־דאַטען, האָבען זיך געווענדט נאָך הילף.

די קאַזארמעס—אזוי האָט דער מענש דערצעהלט,—זיינען דאַן ארומגערינגעלט געוואָרען מיט אמעריקאַנער סאָלדאַטען, און די רוסען, וועלכע האָבען זיך ענטזאגט צו געהן שיסען אויף זיי־ערע ברידער, האָבען געקראָגען אזא מין סאָרט ברירה. אָדער יעדער צעהנטער פון זיי וועט דערשאָסען ווערען, אָדער זיי זאָ־לען ארויסגעבען זייערע אָנפיהרער. די אָנפיהרער, צוועלף אין צאָהל, זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען. מען האָט זיי געצוואונ־גען אויסצוגראָבען זייערע אייגענע קברים, און דאַן זיינען זיי דערשאָסען געוואָרען.

די גאַנצע מעשה איז אפשר בלויז אויסגעטראַכט געוואָ־רען אין א ר כ א נ ג ע ל ס ק. נאָר ווען אפילו אזוי, האָט זי דאָך אויך א באדייט, אלס א מוסטער פון אזעלכע ריידערייען.

אין אן אנדער טייל וואגאָן איז פאָרגעקומען אן ארגומענט וועגען דעם אמת'ן כאראַקטער פון אייגענוציגקייט. די דאָזיגע דעבאַטע האָט פאראורזאכט א היבש ביסעל היץ, ווייל יעדען איינעם פון די דעבאַטאַנטען איז געפעלען געוואָרען צו נעמען זיינע ביישפיעלען פון דעם צווייטענס אויפפיהרונג. שפעטער אביסעל איז אויף א זייטיגער סטאַנציע פאָרגעקומען א זידלעריי־ וועטקאמף צווישען א קאָנדוקטאָר און איינעם א חברה־מאַן, וועלכער האָט געוואָלט ארייקומען אין אונזער וואגאָן, אין דער צייט, וואָס ער האָט גאָר געהערט אין אן אנדער וואגאָן.

ביידע זיינען געווען זידלער מיט שוואונג און פאַנטאַזיע, און אַפילו דער מאַן פון אַרכאַנגעל האָט אויפגעהערט רעדען און זיך צוגעהערט צו די צוויי. איך געדיינק, ווי איי־נער האָט היים געבעטען ביי גאָט, אַז דעם אַנדרערנ'ס האַנט זאָל אָפּדאַרען, און דער צווייטער, ניט וועלענדיג בלייבען גע־קריוודעט, האָט אָפּגעענטפערט מיט אַן עהנליכער תפלה, אין שייכות צו דעם צווייטענס קאָפּ.

דער דיספּוט איז געוואָרען זעהר היציג. אין ענגלאַנד וואָלט ער זיך געענדיגט מיט אַ געשלעג, נאָר דאָ האָט ער זיך געענדיגט מיט גאָרנישט. אויף דער פּלאַטפאָרם האָט זיך בלויז צונויפגעקליבען אַ קליינער עולם עקספּערטען אין זידלע־רייען, און זיי האָבען אומפּאַרטייאיש און ענטוזיאַסטיש אַפּ־לאָדירט אַ געלונגענע קללה.

לסוף האָב איך מיך באַמיהט איינצושלאָפען, נאָר די גאַנ־צע וואַגאָן־אַטמאָספערע, דער רויך, די קינדער, די ניט־געוואַ־שענע קליידער, און דער באַזונדערער ריח פון דעם רוסישען פּויער, וועלכען קיינער, ווער עס האָט איהם נאָר געפיהלט, קאָן קיינמאָל פאַרגעסען, — דאָס אַלץ האָט מיך ניט געלאָזען איינ־צושלאָפען. אָבער איך בין געפאָהרען גאַנץ בעקוועם, מיט גע־וואַלד פאַרשטאָפּענדיג מיינע אויערען צו יעדען געשפּרעך, און געטראַכט וועגען פיש־פאַנגען אין ענגלאַנד, אַלע ווייַלע איבער־לייגענדיג איין פוס אויף דער אַנדערער, ווייל יעדע איינע האָט וועה געטאָן פון די האַרטע ברעטער, אויף וועלכע איך בין געלעגען.

## די ערשטע טעג אין מאָסקווע.

עס איז געווען אַ זעלטענער קאַלטער טאָג, ווען איך האָב מיך דורכגעשפּאַרט דורך דעם המון לעבען דעם מאָסקווער וואַק־זאַל, און מיך אַנגעהויבען ארומרייסען מיט די שליטען־אַנטריי־בער, וועלכע האָבען ביי מיר געבעטען הונדערט רובעל פאַר צו־פיהרען מיך צום מעטראָפּאָל. איך האָב נאָך געדיינקט, ווי איך בין לעצטען יאָהר געקומען אהער מיט קוירנעל

ראַבינס, אוןביידע האָבען מיר דאַמאָלסט געצאָהלט בלויז צו צעהן רובעל פאַר דער רייזע, און אַמאָל האָבען מיר עס אויך געקראָגען פאַר אכט רובעל. היינט, נאָך אַ לאַנגען דינגען זיך, האָב איך געמוזט באַצאָהלען פופציג רובעל פאַר מיר און אַ טייפּרייטער, אָבער אָהן מיין באַגאַזש.

די גאַסען זיינען געווען באַדעקט מיט אַ טיפען ווייסען שניי, און זיינען געווען וועניגער ריין ווי די פּעטראָגראַדער גאַסען היי־יאָהר, אָבער אַ סך ריינער, ווי די מאָסקוועד גאַסען פון לעצט יאָהר. די טראַמווייען זיינען געגאַנגען. עס זיינען געווען אַמוועניגסטען אזוי פיעל שליטענס ווי געוועהנליך, און די פערד זיינען געווען אין אַ ביסעל בעסערען צושטאַנד, ווי לעצטען זומער, ווען זיי האָבען זיך קוים געקענט האַלטען אויף די פיס. איך האָב געפרעגט ביי דעם בעל־העגלה, וואָס האָט פאַראורזאַכט די דאָזיגע פאַרבעסערונג.? האָט ער מיר אָפּגעענטפערט, אז מען טיילט איצט אויס אַ גלייכע מאָס שפּייז פאַר די פערד, אזוי גוט ווי פאַר מענשען. יעדער פערד קריגט דערי־בער אַ קליינע פּאָרציע האָבער.

אין גאַס איז געווען אַ גאַנץ היבשלאַכער עולם, אָבער די גרויסע צאָהל פון פאַרמאַכטע געשעפטען מאַכט זעהר אַ שווערען איינדרוק. איך האָב נאָך דאַן ניט געוואוסט, אז דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער נאַציאָנאַליזירונג פונ׳ם האַנדעל, כדי צו פאַרמיידען פּראָפיט־מאַכעריי פון מאַנופעקטור־אַרטיקלען, וועלכע עס האָט ניט געסטאַיעט פאַר אַלעמען. איידער איך בין אוועקגעפאָהרען, זיינען אַ סך קלייטען צוריק אויפגעעפענט געוואָרען אַלס רעגירונגס־געשעפטען, ווי אונזערע רעגירונגס־קיכען.

אזוי האָט מען געקענט זעהן אַ שילד איבער אַ קלייט: „דער פינפטער שוך־געשעפט פונ׳ם מאָסקוועד סאָוועט“, אָדער „דער דריטער קליידער־געשעפט פונ׳ם מאָסקוועד סאָוועט“, אָדער „דער עלפטער ביכער־געשעפט“.

עס איז אויסגעפונען געוואָרען, צום ביישפּיעל, אז ספּעקולאַנטען האָבען אָפּגעקויפט אַ האַלבען טוץ אויבערמאַנטלען און האָבען זיי דאַן פאַרקויפט צום העכסטען אָנבאָטער, אזוי

אז די רייכע האָבען געהאט א פּארטייל איבער די אָרימע. איצ־טער, אז איינער דארף א נייעם אנצוג, מוז ער אוועקשפּאצירען אין זיינע טראנטעס צו זיין הויז־קאָמיטעט, און דערווייזען זיי, אז ער נויטיגט זיך ווירקליך אין א נייעם אנצוג. דאַן קריגט ער דאָס רעכט צו קויפען אַן אנצוג. אויף אזא אופן ווערט געמאכט א פארזוך צו פארמיידען ספּעקולאציע און צו פארזיכער־רען א מעהר אָדער ווייניגער גערעכטע פאנאנדערטיילונג פון די ניט־גענוגענדע זאפאסען.

דעם גרעסטען סיורפּריז האָב איך געקראָגען פון דעם מ ע ט ר אָ פּ אָ ל האָטעל זעלבסט, ווייל די אַלע אַלטע וואונדען פון דער רעוואָלוציע, די הארמאטען־לעכער און די קוילען־גריבלאך אין דער געביידע, וועלכע זיינען לעצטען זומער ניט געווען אויסגעהיילט, זיינען איצטער געווען פארריכט.

ל י ט ו ו י נ אָ ו ו האָט מיר געגעבען א בריעף צו קאַ־ראכאנ׳ען פון דעם קאָמיסאריאט פון אויסערליכע אנגעלעגענ־הייטען, בעטענדיג איהם ער זאָל מיר העלפען צו קריגען א צימער. איך האָב איהם געטראָפען אין דעם מעטראָפּאָל האָטעל, ווי ער וואָלט נאָך אַלץ געררויכערט די זעלבע ציגאר פון מיט זעקס חדשים צוריק. ק א ר א ח א ן, א שעהנער ארמעניער, מיט אַן עלעגאנטער באָרד און וואָנצען, ווערמען ר א ד ע ק האָט איינמאָל אונפאסיג אָנגערופען „אַן אבעזיאנע פון א קלאַ־סישער שעהנהייט“, פּלעגט אַלעמאָל געברויכען אזוי פיעל איינ־פלוס, וויפיעל ער האָט נאָר געהאט, צום גונסטען פון א גע־מעסיגטער שטעלונג צו די אַליאירטע רעגירונגען.

ער האָט מיך באגעגענט זעהר פריינדליך און מיר געזאָגט, אז אַלע אויסלענדישע באזוכער ווערען איינגעקווארטירט אין דעם ק ר ע מ ל י ן. איך האָב איהם געענטפערט, אז איך וואָלט בעסער געוואָלט וואוינען אין א געוועהנליכען האָטעל, און ער האָט זיך באַלד גענומען אויפזוכען א צימער פאר מיר.

דאָס איז ניט געווען אזוי גרינג, כאָטש ער האָט געהאט געקראָגען פאר מיר אַן ערלויבניש פון ס ו ו ע ר ד אָ ו ו׳ן, פּרעזידענט פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט, לויט וועלכער איך האָב געקאָנט וואוינען, וואו נאָר איך וויל, אין דעם מ ע ט־

ר אָ פּ אָ ל, אָדער אין דעם נ א צ י אָ נ א ל, פּלעצער, וועל־
כע זיינען באַשטימט פאַר סאָוועט־דעלעגאַטען, בעאַמטע און
מיטגלידער פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.ביידע פּלעצער
זיינען געווען געפּאַקט. ענדליך האָט ער געקראָגען פאַר מיר א
צימער אין דעם אַלטען ל א ס ק ו ט א נ י א האָטעל —
איצטער ד ע ר ר ו י ט ע ר פּ ל אַ ט, — וועלכער איז
טיילווייז רעזערווירט פאַר מיטגלידער פון דעם פּלאַטען־קאָ־
לעדזש און מאַטראָסען־דעלעגאַטען.

חדרים ווערען פונאַנדערגעטיילט אויפ׳ן זעלביגען אופן,
ווי קליידער. הייזער געפינען זיך אין דער מאָנאָפּאָליע פון
דער רעגירונג. אַן אַלגעמיינער צענזוס איז גענומען געוואָרען
פון אַלע וואוינונגען. אין יעדען דיסטריקט זיינען דאָ הויז־
קאָמיטעטען, צו וועלכע עס ווענדען זיך אַלע, וועלכע ברויכען
א צימער. די דאָזיגע הויז־קאָמיטעטען ארבייטען לויט דער
פּשוט׳ער טעאָריע, אז קיין מענש האָט ניט קיין רעכט צו צוויי
צימערען, ביזקעל וואנען אַלע האָבען ניט לכל הפּחות איין
צימער.

אַן ענגלענדער, וועלכער איז באַשעפטיגט אַלס פאַרוואַל־
טער פון א פאַבריק לעבען מאָסקווע, האָט מיר דערצעהלט, אַז
א טייל פון זיין הויז איז אוועקגעגעבען געוואָרען צו ארבייטער
אין זיין פאַבריק. זיי האָבען אָבער זיך באַגאַנגען גאַנץ פריינד־
ליך מיט איהם, און האָבען איהם אפילו, איך דיינק, ערלויבט
אַליין אויסצוקלייבען די חדרים, וועלכע ער זאָל זיי אָפּלאָזען.

דער דאָזיגער פּלאַן ווייזט זיך ארויס, עס פאַרשטעהט
זיך, גאַנץ שווער פאַר די הויזאייגענטימער, און אין מאַנכע פאַ־
לען האָבען די נייע קוואַנטיראַנטען געמאַכט די הייזער אויס־
קוקען שרעקליך, וואָס עס איז אויך געווען צו ערוואַרטען. דאָס
זיינען דאָך געווען די יעניגע, וועלכע האָבען פריהער דירעקט
געליטען פון די ענטציוויליזירענדיגע איינפלוסען פון איבער־
געפּאַקטהייט.

נאָכדעם ווי מיר האָבען גערעדט פאַר א שטיקעל צייט,
זיינען מיר אוועקגעגאַנגען אויף יענער זייט ראָג אין דעם קאָ־
מיסאַריאַט פון אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען. דאָרט האָ־

בען מיר געטראָפּען טשיטשעריג'ען, וועלכער, ווי עס האָט זיך מיר אויסגעדרוקט, איז געוואָרען אַביסעל עלטער, און איז געוועזן (כאָטש דאָס איז אפשר געווען זיין געוועהנליכע מאַניערע) ווע־ניגער פריינדליך פון קאראכאַנ'ען.

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען ענגלאַנד. האָב איך איהם געענטפערט, אַז ל י ט ו ו י נ אָ ו ו וויים מעהר וועגען דעם, ווייל ער איז דאָרט געווען שפּעטער פון מיר. ער האָט ביי מיר געפרעגט, וואָל איז מיין מיינונג וועגען דער ווירקונג, וואָס זיין נאָטע מיט די דעטאַליזירטע באַדינגונגען, וועלכע איז פאַר־עפענטליכט געוואָרען דעם זעלבען טאָג, קען האָבען. איך האָב איהם געזאָגט אַז ל י ט ו ו י נ אָ ו, אין אַן אינטערוויו וועל־כען איך האָב טעלעגראַפירט, האָט שוין מיט אַ שטיקעל צייט צוריק דערמאָנט עהנליכע באַדינגונגען, און אַז פּערזענליך בין איך מסופק, אויב די אַליאירטע וועלען אין דעם איצטיגען מאָ־מענט קומען צו אַ וועלכער ס'איז ניט איז פאַרשטענדניס מיט דער סאָוועטען־רעגירונג. אָבער, אויב די סאָוועטען־רעגירונג וועט זיך האַלטען אַ לייענגערע צייט, איז עס מיין פּערזענליכע מיינונג, אַז די קאָמערציעלע איזאָלירונג פון אַזאַ גרויס לאַנד, ווי רוסלאַנד, קאָן קוים פאַרציהט ווערען פאַר אַן אומבאַשטימ־טער צייט צוליעב דעם אליין.

איך האָב דאַן באַגעגענט וואָזנעסענקי'ן (לינקער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער) פון דעם אָריענטאַלען דעפּאַרטמענט. ער איז געווען פול אָנגעלאַדען מיט אַ קריטיק פון דער באָלשעוויסטי־שער שטעלונג צו זיין פּאַרטיי. ער האָט פאַר מיר געקראָגען אַ מאָלצייט־בילעט אין דעם מעטראָפּאָל. דעם דאָזיגען בילעט האָב איך געדאַרפט צוריקגעבען, ווען איך האָב געקראָגען אַ צימער אין דעם נ א צ י אָ נ א ל האָטעל. דער מיטאָג איז באַשטאַנען פון אַ טעלער זופּ, און אַ קליינינקע פּאָרציע עפּעס אַנדערש. אין פאַרשידענע טיילען שטאָדט זיינען דאָ נאַציאָנאַ־לע קיכען, וועלכע גיבען אַרוים אַזעלכע מאָהלצייטען. אַ גלאָז שוואַכער טיי, אָהן צוקער, פלעגט קאָסטען דרייסיג קאָפּיקעס. איידער איך האָב פאַרלאָזען ש ט אָ ק האָ ל ם, האָט מיר מיין שוועסטער צוגעשיקט אַ קליינע פלעשלעע סאַכארין, עס

איז געווען אַ ביטערער רחמנות צו זעהן מיט וואָס פאַר אַ קינ־דערשער שמחה מאַנכע פון מיינע פריינד האָבען געטרונקען פּאַרזיסטען טיי.

פון דעם מ ע ט ר אָ פּ אָ ל בין איך אַוועקגעגאַנגען צו דעם ר ו י ט ע ן פּ ל אָ ט, איינצואָרדנען מיין צימער. מיט אַ זעקס חדשים צוריק זיינען די חדרים דאָ געווען פאַרהעלטניס־מעסיג ריין, אָבער די מאַטראָסען האָבען דעמאָראַליזירט דעם האָטעל, און די אומריינקייט איז ניט צו באַשרייבען. עס איז ניט געווען קיין באַהייצונג, און זעהר ווייניג ליכט. אויפ'ן טיש איז געשטאַנען אַ סאַמאָוואַר, וועלכען דער לעצטער באַזי־צער האָט איבערגעלאָזען, צוזאַמען מיט שמוציגע פּאַפּירלעך און אַנדערע אומריינינקייטען. איך האָב קוים איינגעשמועסט דעם האָטעל־באַדינער, ער זאָל וויפיעל ס'איז ניט איז צוראַ־מען דעם חדר, און באַשטעלט אַ נייעם סאַמאָוואַר. ער האָט ניט געקאָנט קריגען פאַר מיר קיין מעסער, גאָפּעל, אָדער לעפעל, און נאָר מיט גרויסע שוועריגקייטען איז עס מיר געלונגען אי־בערצורייידען איהם, אַז ער זאָל מיר אַנטלייהען גלעזער.

דער טעלעפאָן איז אָבער געווען אין אָרדנונג, און נאָכ'ן טיי האָב איך אָפּגערופען מאַדאַם ר א ד ע ק, וועלכע האָט זיך איבערגעקליבען פון'ם מ ע ט ר אָ פּ אָ ל אין ק ר ע מ־ל י ן. איך האָב נאָך ניט געהאַט קיין דורכגאַנג־בילעט אין דעם ק ר ע מ ל י ן, האָט מאַדאַ ראַדעק זיך צונויפגערעדט מיט מיר צו טרעפען מיך און קריגען פאַר מיר אַ פּאַסיר־צע־טעל פון'ם קאָמענדאַנט.

איך האָב דורכגעבריאָדעט דורכ'ן שניי צום ווייסען טויער ביים ענד פון'ם בריק, וועלכער פיהרט אַרויף איבער'ן גאָרטען צו דעם קרעמלין. אַ פייער איז דאָ געווען פאַנאַנדערגעלייגט, און דריי סאָלדאַטען האָבען זיך אַרום איהם געוואַרעמט. מאַ־דאַם ר א ד ע ק האָט געוואַרט פאַר מיר, וואַרימענדיג איהרע הענט ביים פייער, און צוזאַמען זיינען מיר אַוועקגעגאַנגען צו דער ציטאַדעל פון דער רעפּובליק.

אינ'ם קרעמלין איז פאָרגעקומען אַ מיטינג פון די פאָלקס־קאָמיסאַרען, און אויף אַן אָפענעם פּלאַץ אונטער די אַלטע

קלויסטערס האָבען זיך אויפ'ן שניי געשווארצט א צאָהל מאַטאַ־רען. מיר האָבען זיך פארקירעוועט רעכטס ארונטער דער דוואָרצאוויא גאַס, צווישען דעם אַלטען קאוואליער־הויז און דעם פאטשיעשני פאַלאַץ, און זיינען אַריינגעגאנגען דורך א טיר אונטער אַן ארקע־וועג, אַרויפגעשטויגען אויף טונקעלע טרעפּ צו א טייל פון דער געביידע, וועלכע פלעגט, דוכט זיך, אָנגערופען ווערען דער פ א ר ג ג י ג ע נ ס־פ א ל א ץ.

דאָ, אין א וואונדערפולען אַלטען חדר, באַהאַנגען מיט ג אָ ב ע ל י ן'ס טאפּעצערייען אבסאָלוט אומבאַריהרט דורך דער רעוואָלוציע, און אויסגעשטאַטעט מיט געשניצטע שטוה־לען, האָבען מיר געטראָפען די אויסטערלישע פיגור פון דעם אַל־טען שווייצערישען אינטערנאציאָנאַליסט ק א ר ל מ אָ א ר, וועלכער האָט מיט ווארימקייט גערעדט פון ק י ע ר ה אָ ר־ד י ע און ה י י ד ע מ א נ'ען, אין די טעג, ווען ער איז נאָך געווען א סאָציאַליסט". ער איז געווען זעהר אַנטוישט צו הערען, אַז איך ווייס זעהר ווייניג וועגען זיי.

מאַדאַם ר א ד ע ק האָט, עס פארשטעהט זיך, זיך נאָכ־געפרעגט נאָך די לעצטע נייעס וועגען ראַדעק'ן. איך האָב איהר געזאָגט, אז איך האָב געלייענט אין די שטאָקהאָלמער צייטונגען, אז ער איז אָפּגעפאָהרען נאָך ברונסוויק, און אז ער וואוינט אין דעם דאָרטיגען פּאַלאַץ*). זי האָט זיך געשראָקען, אַז ער זאָל ניט האָבען געווען אין ב ר ע מ ע ן, ווען די שטאָדט איז איינגענומען געוואָרען פון די רעגירונגס־סאָלדאַטען און האָט ניט געגלויבט, אַז ער זאָל זיך שוין ווען ס'איז ניט איז אומקעהרען קיין רוסלאַנד.

זי האָט מיך געפרעגט, אויב איך האָב שוין ניט געפיהלט (און איך האָב טאַקי געפיהלט) דעם גרויסען אונטערשייד, וואָס די לעצטע זעקס חדשים האָבען געמאַכט אין דער פארשטאַרקונג פון דער רעוואָלוציע. איך האָב מיך נאָכגעפרעגט נאָך אַלטע

---

*) ערשט שפּעטער האָבען מיר אויסגעפונען, אַז ער האָט זיך אומ־געקעהרט קיין ב ע ר ל י ן, איז דאָרטען אַרעסטירט געוואָרען, און פארשפּאַרט געוואָרען אין געפענגעניס.

באַקאַנטע, און איך האָב מיך דערוואוסט, אַז פּיאַטאַקאָוו וועלכער, ווען איך האָב איהם לעצטען מאָל געזעהן, האָט געבעטטען גאָט, אַז די אַליאירטע זאָלען איהם געבען מאַשין־ביקסען, כדי ער זאָל זיי קענען געברויכען קעגען די דייטשען אין אוקראַינע, איז געוואָרען דער ערשטער פּרעזידענט פון דער אוקראַינישער סאָוועט־רעפּובליק. נאָר שפּעטער האָט ראַקאָווסקי פאַרנומען זיין פּלאַץ. עס איז אויסגעפונען געוואָרען, אַז די מיינונגען וועלכע די פּיאַטקאָוו־רעגירונג האָט געהאַלטען, זיינען געווען אַ סך לינקער פון די מיינונגען פון זיינע אונטערשטיצער, דעריבער האָט פּיאַטאַקאָוו אָפּגעטראָטען זיין אַמט ראַקאָווסקי'ן, וועלכער איז געווען מעהר פעהיג אָנצופיהרען אַ געמעסיגטע פּאָליטיק. די רעפּובליק איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אין כאַרקאָוו, נאָר אין יענער צייט איז נאָך קיעוו געווען אין די הענט פון דעם דירעקטאָראַט.

יענע נאַכט איז עס געווען אַזוי קאַלט אין מיין צימער, אַז איך האָב מיך געלייגט שלאָפען אין מיין שעפּסענעם פּעלץ. אויבען האָב איך נאָך אַרויפגעלייגט עטליכע טעפּיכלעך און אַלע מעגליכע בעטגעוואַנט, און גאָר אין דער הויך — דעם מאַטראַץ... אָבער איך האָב אַלץ זעהר שלעכט געשלאָפען.

דעם נעקסטען טאָג האָב איך גע׳פּטר׳ט אין אומזיסטיגע באַמיהונגען צו קריגען אַ בעסערען חדר.

אַרומגעהענדיג איבער די גאַסען, האָב איך געזעהן אַז די שטאָדט איז אָנגעפּיקעוועט מיט רעוואָלוציאָנערע סקולפּטורען, אייניגע זעהר שלעכט, די אַנדערע — גאַנץ אינטערעסאַנט. אַלע זיינען געמאַכט געוואָרען אין גרויס אייַלעניש פאַר די פייערונגען פון דעם ערשטען יאָהרצייט פון דער רעוואָלוציע לעצטען נאָוועמבער. די מאָלער זיינען אויך געבעטען געוואָרען צו זעהן טאָן אַלץ וואָס זיי קענען מיט די רעשטאָוואַניעס. און הגם דער שלעכטער וועטער האָט אַ סך פון די בילדער געשאָדט, איז נאָך איבערגעבליבען גענוג כדי צו באַווייזען, וואָס פאַר אַן אויסערגעוועהנליכער קאַרניוואַל דאָס איז געווען.

וואו אַ רעשטאָוואַניע האָט זיך געציהט פאַזע דעם פאַסאַד

פון א הויז וועלכען מען האָט געהאַלטען אין פאררויכטען, האָ־
בען די מאָלער זי אינגאַנצען געברויכט אָלס א ריזיגען לייג־
ווענט, אויף וועלכען זיי האָבען אויסגעמאָלט גרויסע סימבאָ־
לישע בילדער פון דער רעוואָלוציע. א גאַנצער בלאָק אויף דער
ט ו ו ע ר ס ק א י א איז געווען אזוי דעקאָרירט.

בעסער פון אַלץ, דיינק איך, איז געווען די רייה הילצערנע
הייזלאַך כמעט קעגענאיבער דעם האָטעל נ א צ י אָ נ א ל און
די אָ כ ט א נ י א ר י א ד י. זיי זיינען געמאָלען געוואָרען
דורך די פוטוריסטישע אָדער עהנליכע קינסטלער און האָבען גע־
מאַכט א זעהר אַנגענעמען עפעקט. זייערע ליכטיגע פארבען
און נאאיווע געמעלדען האָבען געשיינט צו זיין אזוי נאַטירליך
פאַר מ אָ ס ק ו ו ע, אז מיך האָט עס שטאַרק געוואונדערט,
פאַרוואָס די דאָזיגעביידלעך זיינען פריהער אזוי ניט געמאָלען
געוואָרען. זיי פלעגען זיין אין אן איינהייטליך טעמפּיגער געל.
איצט, אין די קלאָרע הויפּט־קאָלירען, בלוי, רויט או געל, מיט
איינפאַכע בלומען־אוזאָרען, אויף א ווייסען און געקעסטעלטען
הינטערגרונד, מיט די שניי־קופּעס אויפ'ן וועג פאַר זיי, און די
פרויען אין די העלע קאָפּ־טיכלאַך און די פויערים אין די גע־
ציינטע שעפּסענע פעלצען, וועלכע זיינען פאַרבייגעגאַנגען, האָ־
בען זיי אויסגעזעהן וויניגער, ווי פוטוריסטישע בילדער, און
מעהר אַלס עפּעס א טראַדיציאָנעלע איבערבלייבעכץ, וועלכע
בינדט צוזאַמען די נייע מ אָ ס ק ו ו ע מיט'ן מיטעל־אַל־
טער.

עס איז אַפּילו ווערט צו באַמערקען, אז געוויסע באַלע־
באַטישע פּוריטאַנער אין דעם מאָסקווער סאָוועט האָבען אויפ־
געהויבען א פּראָטעסט, ווען איך בין געווען דאָרטען, קעגען דער
ערלויבניש, וועלכע איז געגעבען געוואָרען די פוטוריסטען, זיך
צונויפּפאַנאַנדערשפּרייטען איבער דער גאַנצער שטאָדט. זיי האָ־
בען געפאָדערט, אז די קונסט פון דער רעוואָלוציע זאָל זיין
מעהר פאַרשטענדליך און וויניגער שרייענדיג. אָבער די דאָ־
זיגע קריטיק האָט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט דער רייהע בייד־
לעך, וועלכע האָבען מיר פאַרשאַפט גרויס פאַרגניגען, ווען נאָר
איך בין זיי פאַרבייגעגאַנגען.

אין אווענט בין איך אוועקגעגאַנגען צו זעהן ר י י נ־שטיי נ'ען אין דעם נ א צ י אָ נ א ל. ר י י נ ש ט י י ן איז א קליין זיידעלע, א מיטגליד פון דער אמעריקאַנער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּארטיי. ער איז געווען אונערמידליך אין העלפען די אמעריקאַנער לעצטען יאָהר, און איז אַן עלוי אין זיין אַלזייטיגען וויסען וועגען דער רעוואָלוציע. ער מוז שוין זיין ארום זיבעציג יאָהר אַלט. ער פאַרפעהלט ניט קיין איין מיטינג פון דעם מאָסקווער סאָוועט, אָדער פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

ער שטעהט אויף זיבען אזייגער אין דער פריה, און געהט פון איין עק מ אָ ס ק ו ו ע צו דעם אנדערען צו האלטען לעקציעס פאַר יונגע לייט, וועלכע שטודירען פאַר אָפיצירען פון דער סאָוועט־ארמיי. ער קאָנטראָלירט מעהר אָדער וויינינגער די ענגלישע קריעגס־געפאַנגענע וועגען וועמעס באָלשעוויזם ער איז זעהר פעסימיסטיש. ער האלט אָן אַן אָפיציעלען אמט אלס דער הויפּט פון א גאַנץ נוצלאָזען דעפּאַרטמענט, וועלכער האלט אין איין דרוקען גאַנצע פודען ליטעראַטור, אָבער קיין ברעקעל פון דער דאָזיגער ליטעראַטור קומט ניט אָן צו אונזערע ברעגען דורך קיין צופאַל.

ער איז געווען זעהר אנטוישט, וואָס איך האָב ניט געבראַכט מיט זיך קיין אמעריקאַנער צייטונגען. ער האָט זיך באַקלאָגט אויף דעם מאַנגעל אין טראַנספּאָרט־מיטלען. אזא באַקלאָגען זיך איז מיר אויסגעקומען צו הערען אמווייניגסטען דריי מאָל א טאָג פון פאַרשידענע מענשען אין מ אָ ס ק ו ו ע, די גאַנצע צייט וואָס איך בין געווען דאָרטען. פּאָליטיש, דיינקט ער, איז די לאַגע זעהר גוט, אָבער עקאָנאָמיש איז זי זעהר שלעכט. ווען זיי האָבען שוין געהאַט די קוקורוזע, אזוי צו זאָגען, פאַר די אויגען, האָבען זיי זי ניט געקענט ברייננגען אין די שטעדט צוליעב מאַנגעל אין לאָקאָמאָטיוון. די דאָזיגע עקאָנאָמישע שוועריגקייטען וועלען זיך דאָך מוזען סוף כל סוף אָפּרופען אויך אויף דער פּאָליטישער לאַגע.

ער האָט גערעדט וועגען די ענגלישע קריעגס־געפאַנגענע. די סאָלדאַטען ווערען געבראַכט קיין מ אָ ס ק ו ו ע, וואו זיי

ווערען אַרויסגעגעבען ספּעציעלע פּאַספּאָרטען, און ווערען ער־לויבט אַרומצוגעהן איבער דער שטאָדט וואוהין נאָר זיי ווי־לען, אָהן קיין שום קאָנוואָי. איך האָב נעפרעגט, וואָס איז מכּח די אָפיצירען. ער האָט מיר געענטפערט אַז זיי ווערען גע־האַלטען אין די תפיסות, אָבער מען גיט זיי אַלץ, וואָס איז מעגליך. אַ מיטגליד פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, וועלכער האָט געארבייט צוזאַמען מיט די אַמעריקאַנער, ווען זיי זיינען געווען דאָ, באַזוכט זיי רעגעלמעסיג, און ברייננט זיי פּעקעלאַך.

ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ווען ער האָט געהערט אין מאָסקווע, אַז אויפ׳ן ארכאַנגעלער פראָנט קומט פאָר אַ ברו־דערן־זיך צווישען די סאָלדאַטען פוןביידע צדדים, איז ער גלייך אַהין אוועקגעפאָהרען צוזאַמען מיט צוויי קריעגס־געפאַנגענע, איין ענגלענדער און איין אַמעריקאַנער. מיט אַ געוויסער שוועריגקייט איז אַראַנזשירט געוואָרען אַ צוזאַמענקונפט.

צוויי אָפיצירען און אַ סאַרדזשענט פון די עלליי׳ס צד, און ר י י נ ש ט י י ן מיט די צוויי קריעגס־געפאַנגענע פון דעם רוסישען צד האָבען זיך געטראָפען אויף אַ בריק, האַלב וועג צווישען די צוויי פיינדליכע רייהען.

די אונטעררעדונג איז געווען מעהרסטענס אַ דעבאַטע ווע־גען דער לאַגע פונ׳ם ארבייטער קלאַס אין אַמעריקאַ, און ווע־גען די אורזאַכען, וואָרום די אַליאירטע סאָלדאַטען זאָלען אוועקגעהן אַהיים, און לאָזען רוסלאַנד צו־רוה. ענדליך האָבען די פאָרשטעהער פון די אַליאירטע (איך שטעל זיך פאָר, אַז דאָס זיינען געווען אַמעריקאַנער) געבעטען ריינשטיינ׳ן, אַז ער זאָל געהן מיט זיי קיין א ר כ א נ ג ע ל און דאָרטען באַ־היפטען, וואָס ער וויל, צוזאָגענדיג איהם אַ זיכערען דורכפאָהר הין און צוריק.

אַרום דיזער צייט האָבען זיך צוויי רוסישע סאָלדאַטען אַנגעשלאָסען אָן דער גרופּע. איינער פון זיי האָט אַנגעבויגען זיין רוקען אַלס אַ טישעל, אויף וועלכען עס איז אויסגעמאַכט געוואָרען אַ זיכערקייט־פּאַספּאָרט פאַר ר י י נ ש ט י י נ ע ן. ר י י נ ש ט י י ן, וועלכער האָט מיר באַוויזען דעם דאָזיגען

צעטעל, האָט געצווייפעלט אין זיין עכטקייט. ער האָט צונעגע־בען, אז ער האָט עס סיי ווי סיי ניט געקענט געברויכען, ניט האָבענדיג קיין אינסטרוקציע פון מאָסקווע.

ווען עס האָט אָנגעהויבען ווערען פינסטער, האָבען זיי זיך אָנגעהויבען גרייטען צו פאַנאַנדערגעהן. די אָפיצירען האָ־בען זיך אָנגערופען צו די קריעגס־געפאַנגענע: „וואָס? געהט איהר דען ניט מיט אונז?"ביידע האָבען קאַטעגאָריש געשאָ־קעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

— ניין, אַ דאַנק אייך.

איך האָב מיך דערוואוסט, אז מאָרגען פאָהרט עמיצער אָפּ פון דעם נ אַ צ י אָ נ אַ ל נאָך כ אַ ר ק אָ ו, אזוי אז איך וועל אפשר קאָנען קריגען דאָרט אַ חדר. נאָכדעם, ווי איך האָב געטרונקען טיי מיט ר י י נ ש ט י י נ'ען ביז גאַנץ שפּעטליך, בין איך אוועקגעגאַנגען אַ היים, זיך באַגראָבען אין אַ באַרג פון אַלערליי סאָרטען שמאַטעס, און געשלאָפען אַ ביסעלע.

אין דער פריה איז מיר געלונגען צו דערוויזען מיין רעכט צו דעם צימער אין דעם נ אַ צ י אָ נ אַ ל. דער חדר האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין אַ גאַנץ אנגענעמער, לעבען דער קיך און דעריבער היבשלאַך ווארים. איך האָב גע'פּטר'ט אַ סך צייט אויף אריבערפיהרען מיינע זאכען. דאָס אריבערפיהרען זאכען פון איין האָטעל צו דעם אנדערן, כאָטש דער מהלך איז אַ גאַנץ קליינער, קאָסט פערציג רובעל. איך האָב מיך איינגעאָרדענט, געקויפט עטליכע ביכער, צוגעגרייט אַ ליסטע פון דעם מאַטע־ריאַל, וואָס איך ברויך און די מענשען, וועלכע איך וויל זעהן.

דער צימער איז געווען דורכאויס ריין. די דינסט, וועלכע איז אריינגעקומען אויפצוראַמען, האָט, ווייזט אויס, מיט שטאָלץ געטאָן איהר ארבייט אקוראט און האָט פּראָטעסטירט, וואָס איך ווארף שוועבעלאַך אויף דער פּאָדלאָגע. זי האָט דערקלערט, אז זי איז געווען אין האָטעל זינט ער איז ערעפענט געוואָרען. איך האָב ביי איהר געפרעגט, ווי עס געפעלט איהר דער נייער רעזשים. זי האָט געענטפערט, אַז עס איז ניטאָ גענוג צו עסען, נאָר אַז זי האָט איצטער געפילט אַ סך פרייער.

נאָכמיטאג בין איך ארונטערגעגאנגען אין דער הויפּט קיך פונ'ם האָטעל, וואו עס איז דאָ שטענדיג הייסע וואַסער. איין גרויסע קיך אין באזונדער באשטימט פאר דעם געברויך פון די האָטעל־איינוואוינער. דאָ האָב איך געפונען א גרויסען עולם, אלע געברויכענדיג פארשידענע טיילען פונ'ם אויווען. דאָ איז געווען אן אלטער גרויער קאזאק, מיט א רויטער טוניקע, אונ־טער זיין לאנגען חאלאט, וועלכער איז געווען שמאָל ארום דעם בוזעם און ברייט, ווי א קלייד, ארום די פיס, באפּוצט מיט אָר־נאמענטאלע קוילען, אויפ'ן קאזאקישען שטייגער. ער האָט גע־ווארימט זיין זופּ לעבען א קליינער אידענע, וועלכע האָט גע־מאכט קארטאָפעל־לאטקעס.

א באברילענטער מיטגליד פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט איז געווען שטארק פארנומען פּאָרענדיג זיך מיט א שטיקעל פלייש. צוויי קליינע מיידלאך האָבען געקאָכט קארטאָפּליעס אין אלטע בלעכענע קענדלאך. אין אן אנדער צימער, וועלכער איז באשטימט פאר וועש־וואשען, האָט א קליינער יאדערדיגער לאנג־האָריגער רעוואָלוציאָנער גערייניגט זיין העמד. א פרוי, איהרע האָר ארומגעוויקעלט מיט א בלויער נאָז־טיכעל האָט זעהר פּאָרזיכטיג געפּרעסט א בלוזע. אן אנדערע איז געווען פארנומען קאָכענדיג לייליכער, אָדער עפּעס עהנליכעס, אין א גרויסען קעסעל. און די גאנצע צייט פלעגען מענשען פון אלע טיילען פונ'ם האָטעל האלטען אין איין קומען, מיט קרוגען און פאנען, אָנהויבענדיג מיט פיינע קופּערנע קעסעלאך און ענ־דיגענדיג מיט מיאוסע פלייש־בלעכלאך, כדי צו קריגען וואסער פאר טיי.

אינ'ם צווייטען עק פונ'ם קאָרידאָר איז געווען עפּעס א מין טישעל אין פראָנט פון א לאנגען פענסטער, וועלכער האָט זיך געעפענט אין נאָך אן אנדער קיך. דאָ איז געשטאנען א רייה מענשען, וועלכע האָבען געוואָרט, מיט זייערע טעלער און שיסעלאך, צו קריגען זייער מיטאָג־פּאָרציע. זיי האָבען גע־דארפט באווייזען בילעטען. מען האָט מיר געזאָגט, אז מענשען פלעגען דיינקען, אז זיי קריגען אביסעל מעהר [illegible], ווען זיי ברייננען זיך דאָס עסען צו זיך אין די חדרים אריין,

גלייך פון דער קיך, איידער ווען מען סערווירט זיי אין דעם רעס־טאָראַן. אָבער איך האָב גוט אכטונג געגעבען, און האָב באַ־שטימט, אז עס איז געווען בלויז אַן אבערגלויבען. אויסערדעם, איך זעלבסט האָב קיין שיסעלע ניט געהאַט...

ווען איך האָב אָנהויב וואָך אָפּגעצאָהלט פאַר מיין צימער, האָט מען מיר געגעבען אַ קאַרטע. אויפ'ן ברעג פון דער קאַר־טע זיינען געווען געדרוקט די טעג פון דער וואָך. די דאָזיגע קאַרטע האָט מיר געגעבען דאָס רעכט צו קויפען טעגליך איין וואַרעמס, און ווען איך האָב איהם שוין געקויפט, פלעגט דער טאָג פון דער וואָך ארונטערגעשניטען ווערען, אזוי אַז איך האָב שוין דעמזעלבען טאָג ניט געקענט קויפען נאָך קיין מאָלצייט. דער מאָהלצייט איז באַשטאַנען פון אַ טעלער זעהר גוטען זופּ, און נאָך אַ געריכט פון פיש אָדער אַ שטיקעל פלייש. דער פּרייז פאַר'ן מאָהלצייט איז געווען צווישען פינף און זיבען רובעל.

מען האָט געקאָנט קריגען דיזען מאָהלצייט יעדע צייט צווישען צוויי און זיבען אזייגער; זייענדיג אַ גאַנצען פריה־מאָרגען הונגעריג, פלעג איך אום צוויי אזייגער פיהלען אַ באַ־דייטענדע דערלייכטערונג ביים געדאַנק, אז איך קאָן איצט יע־דען מאָמענט האָבען מיין מאָהלצייט. פיהלענדיג אויף אַזאַ אופן וויינינגער הונגעריג, פלעג איך אָפּלייגען מיין מאָהלצייט־צייט פון שעה צו שעה, און ערשט עסען אום פינף אָדער זעקס אזייגער. דיינקענדיג, אַז אפשר האָט מען מיר געגעבען באַ־זונדערע פּריווילעגיעס, האָב איך געמאַכט ספּעציעלע אונטער־זוכונגען, און איך האָב אויסגעפונען, אַז די מאָהלצייטען וועלכע מען קריגט אין די עפענטליכע עס־פּלעצער (דאָס זעלבע, וואָס אונזערע נאַציאָנאַלע קיכען) זיינען אומעטום פון דעם זעלבען כאַראַקטער און מאָס, יעדער אונטערשייד אין די מאָהלצייטען האָט זיך שוין מעהר געווענדט אָן דעם קוכער, ווי אָן די שפּייז.

עס האָט אויך עקזיסטירט אַ סאָרט אויפ'ס גיך צוגעשני־טענע קאָאָפּעראַטיווע סיסטעם. איינמאָל איז ערשינען אַ אַנאָנס אויף די טרעפּ, אַז אַלע די יעניגע, וועלכע ווילען עס, קאָנען קריגען צו איין טעפּעלע איינגעמאַכטס, אויב זיי

וועלען זיך ווענדען צו דעם שפּייז־קאָמיטעט פון׳ם האָטעל. אויף אַזאַ אופן האָב איך געקראָגען אַ טעפּעלע איינגעמאַכטס, און אַ ביסעלע שפּעטער — אַ קליינע קוואַנטיטעט פון אוקראַאינישע באָסיסקעס.

אויסער דער שפּייז, וועלכע מען האָט געקאָנט קריגען לויט דער שפּייז־קאַרטע, האָט מען נאָך געקאָנט קויפען עסענוואַרג פון ספּעקולאַנטען, לויט אַזעלכע פּרייזען, וועלכע וואָלטען געקאָנט איינעם רואינירען. מען קאָן זיך קריגען אַ באַגריף פון דעם אונטערשייד אין פּרייזען פון די פאָלגענדע ביישפּיעלען: ברויט קאָסט איין רובעל און צוואַנציג קאָפּיקעס אַ פונט לויט דער שפּייז־קאַרטע; פון די ספּעקולאַנטען קאָסט עס פון 15 ביז 20 רובעל. צוקער קאָסט 12 רובעל אַ פונט לויט דער שפּייז־קאַרטע; אויפ׳ן אָפענעם מאַרק קאָסט עס ניט ווייניגער פון פופציג רובעל אַ פונט. עס איז דאַריבער פאַרשטענדליך, אַז דאָס אוועקוואַרפען פון דער קאַרטע־סיסטעם וואָלט פּשוט געמיינט, אַז די רייכע וואָלטען האָבען אַלץ, און די אָרימע — גאָרניט. פאַרשידענע מעטאָדען זיינען פּרובירט געוואָרען אין אַ פאַרזוך צו פּטור ווערען פון די ספּעקולאַנטען, וועמעס הויכע פּראָפיטען פאַרקלענערען, עס פאַרשטעהט זיך, דעם חשק פון די דאָרפסלייט צו פאַרקויפען ברויט לויט ווייניגער אבנאָרמאַלע פּרייזען. איין קאָמוניסט האָט מיר ערקלערט, עס איז דאָ בלויז איין אופן ווי צו פּטור ווערען פון די ספּעקולאַנטען, און דאָס איז, אַז מען זאָל קאָנען קריגען גענוג לויט דער קאַרטע־סיסטעם. ווען מענשען קאָנען קויפען וויפיעל זיי ווילען פאַר אַ רובעל און צוואַנציג, וועלען זיי זיכער ניט צאָהלען נאָר אַ פופצעהן רובעל, כדי צו דערמוטיגען די ספּעקולאַנטען".

— און ווען וועט איהר זיין אימשטאַנד עס צו טאָן? האָב איך געפרעגט.

— אַזוי שנעל ווי די מלחמה וועט זיך ענדיגען, און מיר וועלען קענען געברויכען אונזערע טראַנספּאָרט־מיטלען פאַר פרידליכע צוועקען.

עס קאָן ניט זיין קיין שום פראַגע, אַז אין מ אָ ס ק ו ו ע

איז אַ גרויסער הונגער. דעם דריטען טאָג נאָך מיין אָנקומען אין מאָסקווע האָב איך געזעהן אַ מענשען, וועלכער האָט אָנגע־טריבען אַ וואָגען, אָנגעפּאַקט, מיר האָט זיך געדוכט, מיט פערד־פלייש, מייסטענס ביינער, וואהרשיינליך טויטע שליטען־פערד. פאָהרענדיג אַזוי, איז איהם נאָכגעפלויגען אַ גרויסע סטאַיע וואָ־ראָנעס וועלכע פלעגט זיך אַלע ווײַלע אַרונטערלאָזען אויפ'ן שליטען און גיריג אָפּרייסען שטיקער פלייש.

ער פלעגט זיי נאָכאַנאַנד שלאָגען מיט זיין בייטש, אָבער זיי זיינען געווען אַזוי הונגעריג, אַז זיי האָט עס גאָרניט געאַרט. די פאַרהונגערטע וואָראָנעס פלעגען זיך אפילו דורכשטופּען דורך די קליינע ווענטילאַטאָר־פענסטערלאַך אין מיין האָטעל, כדי אויפצופּיקן אַלע ברעקלאַך, וואָס זיי האָבען ביי מיר גע־קענט געפינען. די טויבען וועלכע פלעגען פריהער אָנפילען די גאַסען, אונערשראָקען דורך דעם גאַסען־פאַרקעהר, און זיכער מיט זייערע לעבענס צוליעב זייער כלומרש'דיגער פאַרבינדונג מיט רעליגיע, זיינען איצט אינגאַנצען פאַרשוואונדען.

עס קענען אויך ניט זיין קיין צוויי מיינונגען וועגען דער קעלט. מיינע אייגענע ליידען האָבען מיר שוין וויינינגער פאַר־דראָסען, ווען איך האָב אויסגעפונען אַז אַפילו די רעגירונגס־דעפּאַרטאַמענטען זיינען ניט בעסער אין דער דאָזיגער הינזיכט ווי אַנדערע פּריוואַטע לייטע. אַפילו אין דעם קרעמלין האָב איך געפונען דעם שומר פון די אַרכיוועז ביי זיין אַרבייט אין אַ שעפּסענעם פּעלץ און אין וואַרימע שטיוועל. אַלע ווײַלע פלעגט ער אויפשטעהן און אַריינפּאַטשען וואַרימקייט אין זיינע פאַרפרוירענע הענט, ווי אַ לאָנדאָנער בעל־העגלה פון די גאָר אַלטע צייטען.

## דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט וועגען דעם ענטפער צו דעם פּרינקיפּאָ פאָרשלאָג

דער צעהנטער פעברואַר.

ווי מען געדיינקט נאָך, האָט די פריעדענס־קאָנפערענץ גע־מאַכט אַ פאָרשלאָג צו די אַלע דע־פאַקטאָ רעגירונגען פון רוס־

לאנד, אז זיי זאָלען זיך צונויפקומען אויף אן אינזעל אין דעם ב א ס פ א ר צו דיסקוטירען פארשידענע פראגען, און דער־ווייל זאָל געשלאָסען ווערען א וואפענשטילשטאנד.

קיין דירעקטע איינלאדונג איז ניט געשיקט געוואָרען צו דער סאָוועט־רעגירונג. נאָכדעם ווי ט ש י ט ש ע ר י ן האָט זיך באמיהט אויסצוגעפינען איינצעלהייטען וועגען דעם דורך דעם רעדאקטאָר פון א פראנצויזישער סאָציאליסטישער צייטונג האָט ער דעם פערטען פעברואר געשיקט א לאנגע נאָטע צו די אליאירטע. אין רוסלאנד האָט מען אויף דער דאָזיגער נאָטע צוערשט ניט געקוקט מיט גרויס צופרידענהייט, באָטש די אָפּאָזיציאָנס־פארטייען פון רעכטס האָבען זי גוט געהייסען. די מענ־שעוויקעס זיינען אפילו געגאנגען אזוי ווייט ווי צו באהויפּטען אז די באָלשעוויקעס, שיקענדיג די דאָזיגע נאָטע, האָבען געהאָט אין זינען די אינטערעסען פון דעם גאנצען רוסישען פאָלק.

די אָפּאָזיציאָנס־פארטייען פון לינקס האָבען זיך באקלאָגט, אז די דאָזיגע נאָטע מיינט די פארראטונג פון דער רעוואָלוציע צו דער אנטאנט. עס זיינען אויך געווען א סך באָלשעוויקעס, וועלכע האָבען געזאָגט, אז זיי דיינקען, אז די דאָזיגע נאָטע האָט שוין געמאכט צופיעל קאָנצעסיעס צו די אליאירטע. דעם צעהנטען פעברואר איז זיך צונויפגעקומען דער עקזעקוטיווער קאָמיטעט, כדי צו באטראכטען די אינטערנאציאָנאלע לאגע.

איידער איך טרעט צו אָפּצוגעבען א באריכט פון דיזען מיטינג, וואָלט געווען אם פּלאץ צו מאכען א קורצען סך הכל פון דער באטרעפענדער נאָטע. נאָכדעם ווי ער האָט דערמאָנט דעם פאקט, אז זיי האָבען ניט געקראָגען קיין איינלאדונג, און אז זייער ניט ענטפערען ווערט באטראכט אלס א צוריקוואַרפען פון א פאָרשלאג, וועלכען זיי האָבען קיינמאָל ניט ערהאלטען, זאָגט טשיטשערין, אז, ניט קוקענדיג אויף איהר אלץ גינסטיגער און גינסטיגער לאגע, באטראכט די רוסישע סאָוועטען־רעגירונג די אויפהערונג פונ'ם קריעג אויף אזוי פיעל ווינשענסווערט, אז זי איז גרייט גלייך אָנצופאנגען אונטערהאנדלונגען, און, ווי זי האָט שוין מעהר ווי איין מאָל דערקלעהרט, צו שליסען שלום „אפילו דורכ'ן פרייז פון ערנסטע קאָנצעסיעס, אויף ווי ווייט

די לעצטע וועלען ניט שטעלען אין געפאַהר די ענטוויקלונג פון דער רעפּובליק".

„נעמענדיג אין אַנבעטראַכט, אַז די פיינד, מיט וועלכע עס קומט איהר (דער רעפּובליק) אויס צו קעמפען, אַנטלייהען זייער גאַנצע ווידערשטאַנדס־קראַפט אויסשליסליך פון דער הילף, וואָס די אַנטאַנט־מלוכות גיבען זיי, און אַז, דעריבער, זיינען די דאָזיגע מלוכות דער איינציגערווירקליכער פיינד פון דער רוסישער סאָוועט־רעגירונג, ווענט זיך טאַקי די לעצטע צו די אַנטאַנט־מלוכות, און שלאָגט זיי פאָר די פונקטען, לויט וועלכע זי באַטראַכט אַזעלכע קאָנצעסיעס מעגליך, כדי צו ענ־דיגען אַלע סאָרטען קריגערייען מיט די אויבענדערמאָנטע מלוכות".

דאַן פאָלגט אַ ליסטע פון קאָנצעסיעס, וועלכע זיי זיינען גרייט צו מאַכען. ערשטענס, די אַנערקענונג פון רוסלאַנד'ס חובות. זיי גאַראַנטירען דעם פּראָצענט אויף די דאָזיגע חובות, „מחמת רוסלאַנד'ס שווערער פינאַנציעלער לאַגע און איהר אונ־צופרידענשטעלענדיגען קרעדיט", מיט רויהע פּראָדוקטען. דאַן, „אַזוי ווי דער אויסלענדישער קאַפּיטאַל פלעגט כסדר באַווייזען זיין אינטערעס אין דער עקספּלואַטירונג פון רוסלאַנד'ס נאַ־טירליכע רייכטימער פאַר זיך, איז די סאָוועט רעגירונג גרייט צו געבען די אונטערטאַנען פון די אַנטאַנט־מלוכות מינעראַל, וואַלד און אַנדערע קאָנצעסיעס, וועלכע וועלען דעטאַליזירט ווערען מיט אַלע פּרטים, על פּי תנאי, אַז די עקאָנאָמישע און כאַציאַלע אָרדנונג פון רוסלאַנד זאָל ניט אָנגעריהרט ווערען דורך די אינערליכע אָראַנדזשמענטס פון דיזע קאָנצעסיעס".

דער לעצטער פונקט איז דער, וועלכער האָט אַרויסגערופען אומעטום אַ ווידערשטאַנד. ער דריקט אויס אַ באַרייטוואַמ־קייט צו דיסקוטירען אפילו אַזעלכע אַנעקסיעס, באַהאַלטענע אָדער אָפענע, וועלכע די אַליאירטע קענען האָבען אין זין. די ווערטער, וועלכע ווערען דאָ געברויכט, זיינען: „די רוסישע סאָוועט־רעגירונג האָט אפילו ניט אין זין דוקא אויסצושליסען אום יעדע פּרייז די באַטראַכטונג פון דער פראַגע פון אַנעקד סיעס, א. א. וו..." דאַן, „אונטער דעם וואָרט „אַנעקסיעס" מוז

פאַרשטאַנען ווערען דאָס איבערלאָזען אויף דעם אָדער יענעם טייל פון דער טעריטאָריע פון וואָס איז פריהער געווען די רוסישע אימפעריע, אויסער פוילען און פינלאַנד, פון באַוואָפענטע כחות פון דער אַנטאַנט, אָדער פון אַזעלכע כחות, וועלכע די אַנטאַנט־רעגירונגען אונטערשטיצען, אָדער וועלכע קריגען פון זיי פינאַנציעלע, מיליטערישע, טעכנישע אָדער אַנדערע שטיצע."

עס פאָלגט דאַן אַ באַהויפּטונג, אַז די גרויס פון די קאָנצעסיעס וועט זיך ווענדען אָן דער מיליטערישער לאַגע. ט ש י־ ט ש ע ר י ן גיט דאַן אַ זעהר אָפּטימיסטישען באַריכט וועגען דער אינערליכער און אויסערליכער לאַגע. צום סוף ריהרט ער אָן די פראַגע פון פּראָפּאַגאַנדאַ:

„די רוסישע סאָוועט־רעגירונג, כאָטש זי קאָן ניט באַגרענעצען די פרייהייט פון דער פּרעסע, ערקלערט איהר באַרייטוויליגקייט, אין פאַל פון נויט, אַריינצונעמען אין דעם אַלגעמיינעם אָפּמאַך מיט די אַנטאַנט־מלוכות אויך די פאַרפליכטונג זיך ניט אַריינצומישען אין זייערע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען."

די נאָטע ענדיגט זיך אַזוי:

„אויף די פריהערדערמאָנטע באַזיסען איז די רוסישע סאָוועטען־רעגירונג גרייט גלייך אַריינצוטרעטען אין אונטערהאַנדלונגען, סיי אויף פּ ר י נ ק י פּ אָ אינזעל, סיי אויף יעדען אַנדער אָרט, מיט אַלע מלוכות פון דער אַ נ ט אַ נ ט צוזאַמען אָדער מיט בלויז אַ געוויסע צאָהל פון זיי, אָדער מיט אירגענד וועלכער רוסישער פּאָליטישער גרופּירונג, לויט די וואונשען פון די אַנטאַנט־מלוכות. די רוסישע סאָוועטען־רעגירונג בעט די אַנטאַנט־מלוכות זיי זאָלען איהר גלייך אינפאָרמירען וואוהין צו שיקען איהרע פאָרשטעהער, און אַקוראַט ווען און דורך וועלכען וועג."

די נאָטע איז דאַטירט געוואָרען דעם פערטען פעברואַר, און איז אַרויסגעשיקט געוואָרען דורכ'ן דראָטלאָזען טעלעגראַף.

פון דעם פינפטען פעברואַר אָן, דעם טאָג, ווען די נאָטע איז ערשינען אין די צייטונגען, איז זי געווען די הויפּט־טעמאַ פאַר אַלע געשפּרעכען. יעדער פּונקט אין איהר איז אָבער און

ווידער קריטיקירט געוואָרען. נאָר אפילו די קריטיקער זעלבסט, כאָטש זיי האָבען אַלע געוואָלט אויפהאַלטען זייערע קריטיקען אַלס אַ באַזיס פאַר שפּעטערדיגער פּאָליטישער אַק־ציאָן, האָבען אַלע געוואַרט מיט אַ פאַרצווייפעלטער אנגסט, אַז די נאָטע זאָל קריגען אָן ענטפער.

קיינער אין מאָסקווע אַרום יענער צייט האָט ניט געקענט האָבען דעם מינדעסטען ספק וועגען די קריעגערישע טענדענ־צען פון דער רעוואָלוציע. די גרעסטע מעהרהייט פונ׳ם פאָלק און פון די רעוואָלוציאָנערע פיהרער ווילען פריעדען, און נור די באַשטענדיגע קריעגס־פיהרונג, וועלכע ווערט אויף זיי אַרויפ־געצוואונגען, קאָן פאַרוואַנדלען זייער פריעדענס־פאַרלאַנג אין אַ פאַרצווייפעלטער, באַליידיגטער אַגרעסיווער פּאָליטיק.

אומעטום האָט זיך געהערט דיזעלבע געשיכטע:

— מיר קאָנען ניט איינסטאַלירען אונזער אָרדנונג, אויב מיר מוזען זיך שטענדיג אַרומרייסען.

זיי אַליין וואָלטען עס אפשר ניט צוגעגעבען, נאָר זעהר ווענינ פון די סאָוועט־פיהרערס, וועלכע האָבען שוין פאַר אַכ־צעהן חדשים געהאַט צו קעמפען מיט די שוועריגקייטען פון איי־ראָפּעאישען רוסלאַנד, האָבען ניט ערוואָרבען, ווי זיך אויף צו להכעיס, אַ נאַציאָנאַלען, היימישען שטאַנדפּונקט. זיי טראַכ־טען ווייניגער וועגען דער וועלט־רעוואָלוציע, ווי וועגען דעם, ווי אַזוי צו ברייגנען ברויט קיין מאָסקווע, אָדער פאַרגרעסערען די מאַנופאַקטור פון פאַרשיידענע געוועבען, אָדער דאָס בויען פון וואַסערקראַפט־סטאַנציעס, כדי צו באַפרייען דעם צפונ׳דיי־גען אינדוסטריעלען דיסטריקט פון זיין אָפּהייננגיגקייט אָן די ווייטע קוילען־פעלדער.

איך האָב דעריבער זעהר געוואָלט הערען, וואָס דער עקזע־קוטיוו קאָמיטעט וועט האָבען צו זאָגען וועגען דעם, וויסענדיג, אַז דאָרט וועל איך הערען דעם אויסדרוק פונ׳ם טעאָרעטישען שטאַנדפּונקט, פון וועלכען מיינע שווער־אַרבייטענדיגע פריינד זיינען לעצטענס דערווייטערט געוואָרען צוליעב בילכערע אינטערעסען.

דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט האָט, ווי געוועהנליך, זיך צו־

נייפגעקומען אין דעם גרויסען האָל פון'ם מעטראָפּאָל, און, אויך ווי געוועהנליך, זעהר שפּעט. די זיצונג האָט זיך געדארפט אָנהויבען אום זיבען. דיינקענדיג, אז די רוסען האָבען פּילייכט געביטען זייער נאטור פאר די לעצטע זעקס חדשים, בין איך געוועזען פּונקט אין צייט, און געפונען דעם האָל אין גאנצען ליידיג, ווייל א פּארטיי־מיטינג פון די קאָמוניסטען, וואָס איז פּאָרגעקומען אין דעם נעקסטען צימער, איז נאָך ניט געווען געענדיגט. דער האָל האָט אויסגעקוקט, ווי אין די פריהערדיגע צייטען, מיט א רויטען באַנער איבער דעם פּרעזידיום, און נאָך איינעם אויף דעם צווייטען ענד, אויף ביידע זיינען געווען אויפשריפטען: „דער אַלטער רוסישער עקזעקוטיוו קאָמיטעט", „פּראָלעטאריער פון אַלע לענדער — פאראייניגט זיך!", א. א. וו. ווען דער צימער האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעפילט, האָב איך באַגעגענט פיעלע באקאנטע.

דער אַלטער פּראָפעסאָר פּ אָ ק ר אָ ו ו ס ק י איז ארייננעקומען, בלינצלענדיג דורך זיינע שפּאקולען, א ביסעל אייננעבויגען, אין אַ זעהר אַלטען מאנטעל, א קליינער שווארצער קוטשמעלע, זיינע הענט צוזאמענגעשלאָסען, פּונקט ווי ער איז ארומגעגאנגען, אזוי האָט מען מיר דערצעהלט, הין און צוריק, אַן אומגליקליכער, אין דער ב ר ע ס ט ע ר פעסטונג בשעת דעם צווייטען טייל פון די אונטערהאנדלונגען. איך האָב ניט נעדענקט, אז ער זאָל מיך דערקאָנען, אָבער ער איז גלייך צוגעקומען און מיך דערמאָנט וועגען דעם איינפּאקעווען פון די ארכיוען, בשעת עס האָט געהאַלטען נאָהענט, אז די דייטשען זאָלען איינגעמען פּעטראָגראַד.

ער האָט מיר דערצעהלט וועגען א מאסע מאטעריאָל, וואָס זיי גיבען ארויס, וועגען דעם אורשפּרונג פון דער מלחמה. ער האָט געזאָגט, אז ענגלאנד שניידט דאָ אָפּ אמבעסטען, אָבער פראנקרייך און רוסלאנד באווייזען זיך אין א זעהר שלעכטער ליכט.

פונקט דאַן איז אין האָל אריינגעפאלען ד ע מ י א ן ב י ע ד נ י, פּעטער, ווי אַמאָל (זיינע פאָרהערערער אויפ'ן לאַנד שיקען איהם צו שפּייז), מיט א קיילעכדיגען פּנים, ביטרע

אויגען, א צינישען מויל, א טיפּישער פּויער, און דער דיכטער פון דער רעוואָלוציע. ער איז געווען נישקשה'דיג געגאָלט, זיינע קליינע געלע וואָנצעלאַך ארומגעפּוצט. ער האָט געטראָגען נייע לעדערנע הויזען. אינגאַנצען האָט ער אויסגעזעהן צו זיין א מעהר מזל'ברכה'דיגער פּאָעט, איידער יענער אָפּגעלאָזענער וואוילער יונג, וועמען איך האָב באַגעגענט מיט א יאָהר צוריק, נאָך איידער זיינע סאַטירישע פּאָעמען אין דער „פּראוודא" און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע צייטונגען האָבען דערגרייכט יענע פּאָפּולאַריטעט, וועלכע זיי האָבען איצט.

אין די אַלטע טעג, פאַר דער פּעטראָגראַדער רעוואָלוציע, פלעגט ער אריינשיקען זיינע פּאָעמעס אין די רעוואָלוציאָנערע צייטונגען. אייניגע זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרען און האָבען סקאַנדאַליזירט די מעהר שטרענגע און ערנסטזיניגע רעוואָלוציאָנערען. זיי האָבען אָפּגעהאַלטען א מיטינג צו באַשטימען אויב מען זאָל זיי ווייטער דרוקען. זינט דער רעוואָלוציע איז ער גאַנץ שנעל באַריהמט געוואָרען, איצט איז ער א מין פּריווילעגירטער וויצלינג, וועלכער שמייסט ביידע, אי קאָמוניסטען, אי ניט קאָמוניסטען.

אפילו אויף דיזער פאַרזאַמלונג איז ער געווען עטוואָס עהנליך צו ר אָ ב ע ר ט ב ו י ר נ ס'ן, ווען ער האָט פאַרקעהרט אין דער ע ד י נ ב ו ר ג ע ר געזעלשאַפט. ער האָט מיר דערצעהלט מיט א היבשען פאַרגעניגען, אַז זיין לעצטער בוך איז אָפּגעדרוקט געוואָרען אין צוויי הונדערט און פופציג טויזענד עקזעמפּליאַרען. די גאַנצע אויפלאַגע איז פאַרקויפט געוואָרען אין צוויי וואָכען. זיין פּאָרטרעט איז געמאָלט געוואָרען פון אַן אמת'ען קינסטלער. עס איז טאַקע אמת, אַז פון אַלע זיינע 18 ביכער קאָן מען היינט צו טאָג קריגען בלויז צוויי.

מאַדאַם ר א ד ע ק, וועלכע האָט לעצטען יאָהר אַרויסגעוויזען גרויס טאַלאַנט איז צוגרייטען סענדוויטשעס פון געהאַקטע קנאָבעל, און האָט געטאָן א סך גוטע ארבייט, אַלס הויפּט פון „דעם קאָמיטעט אויף אַכטונג צו געבען איבער די רוסישע קריעגס־געפאַנגענע", איז אריינגעקומען און זיך אנידערגעזעצט לעבען מיר. זי האָט זיך באַקלאָגט, אַז די אויטאָ־

ריטעטען ווילען זי „מאַכען צום מופען“ פון דעם גרויסארטי־
גען פירסטליכען אַפּאַרטמענט אין קרעמלין, כדי פון דעם
אַפּאַרטמענט צו מאַכען אַ היסטאָרישען מוזעאום פון דעם
סאָרט לעבען, וואָס די ר אָ מ א נ אָ װ ס האָבען געפיהרט.
זי האָט געזאָגט, אַז זי איז זיכער, אַז דאָס איז מעהר ניט ווי
אַן אויסרייד, און אַז די אמת׳ע אורזאַכע איז, וואָס מאַדאַם
טראָצקי׳ן איז ניט געפעלען געוואָרען, אַז מאַדאַם ראַדעק זאָל
האָבען אַ בעסערע וואוינונג, ווי זי זעלבסט. עס שיינט, אַז
די טראָצקיס, ווען זיי האָבען זיך אריינגעקליבען אין דעם
קרעמלין, האָבען אויסגעקליבען אַ וואוינונג, וועלכע איז געווען
זעהר באַשיידען אין פאַרגלייך מיט די פּראַכטפולע אַפּאַרט־
מענטס, וואו איך האָב געפונען מאַדאַם ראַדעק׳ן.

די גאַנצע צייט איז דער חדר אַלץ מעהר אָנגעפילט גע־
וואָרען, ווייל דער מיטינג האָט זיך געענדיגט, און די מיטגלי־
דער פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט זיינען אריינגעקומען און
פאַרנומען זייערע פּלעצער. איך האָב געפרעגט ליטווינאָוו׳ן,
אויב ער וועט רעדען, ווען אַ קליינינקער, באַהאָרענטער און
ענערגישער מאַן איז צו אונז צוגעקומען און אונז באַוויזען די
נייע שוועבעלאַך, וועלכע זיינען ערפונדען געוואָרען אין דער
סאָוועט־לאַבאָראַטאָריע. רוסלאַנד ליידט פון אַ מאַנגעל אין
שוועבעלאַך־האָלץ און פאַראַפין. אויסער דעם, דיינק איך, אַז
די גרעסטע צאָהל שוועבעלאַך, וועלכע זיינען געברויכט געוואָ־
רען אין צפון־רוסלאַנד, פלעגען קומען פון פ י נ ל א נ ד.
אין די דאָזיגע נייע גרויסע, באָלשעוויסטישע שוועבעלאַך ווערט
ניט געברויכט ניט קיין האָלץ און ניט קיין פאַראַפין. מיסט־
פּאַפּיר ווערט געברויכט אַלס אַן ערזאַץ (במקום) פאַר דעם ער־
שטען, און די פעטס, וועלכע בלייבט איבער נאָכ׳ן רייניגען
וואָל — אַלס אַן ערזאַץ פאַר׳ן צווייטען.

דער קליינער מענשעל, בערג, סעקרעטער פון דעם פּרע־
זידיום פונ׳ם ראַט פאַר געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע, האָט מיר
געגעבען אַ קעסטעלע פון די דאָזיגע שוועבעלאַך. זיי זיינען
ווי די שוועבעלאַך, וועלכע פלעגען זיין גאַנץ פּאָפּולער אין פּ אַ־
ר י ז. מען דאַרף די שוועבעלע צוערשט אָפּברעכען, איידער

מען רייבט זי אָן. זיי רייבען זיך אָן און ברענען בעסער, אַלס וועלכע ס'איז ניט איז שוועבעלאַך, וועלכע איך האָב ווען גע־קויפט אין רוסלאַנד, און איך זעה ניט איין, פאַרוואָס זיי זאָלען אויך ניט מאַנופעקטירט ווערען אין ענגלאַנד, וואו אַלע שטאָ־פען, פון וועלכע די געוועהנליכע שוועבעלאַך ווערען געמאכט, דאַרפען ערשט אימפּאָרטירט ווערען.

איך האָב געזאָגט בערג'ן, אַז איך וועל מיך באַמיהען צו פּאַטענטירען זיי, און ווערען אַ קאַפּיטאַליסט. אַן אַנדער קאָ־מוניסט, וועלכער האָט דאָס געהערט, האָט זיך פּאַנאַנדערגע־לאַכט און געזאָגט:

— די מייסטע עשירות'ן זיינען טאַקע געקראָגען געוואָרען אויף אַזאַ שווינדלערישען אופן.

דאָ זיינען אויך געווען ס ט ע ק ל אָ ו, פון דער „איז־וועסטיאַ“, מאַדאַם ק א ל א נ ט א י, און אַ סך אַנדערע מענשען, וועמעס נעמען איך געדיינק ניט. דער קליינער ב ו־כ א ר י ן, דער רעדאַקטאָר פון דער „פּראַוודאַ“, און איינער פון די אינטערעסאַנטסטע געשפּרעך־האַלטער אין מאָסקווע, וועלכער קען אייך דיסקוטירען יעדע פילאָזאָפיע, וואָס איהר ווילט נור, פון ב ע ר ק ל י און ל אָ ק ק ביז צו ב ע ר ג־ס אָ נ'ען און ו ו י ל י א ם ד ז ש י י מ ס'ן, איז צונעקו־מען און זיך געגריסט.

פּלוצלונג איז אַריינגעשפּרונגען דורך דער טיר אַ זעהר אונ־ערוואַרטעטע פיגור. דאָס איז געווען דער קרומער ע ל י א ו ו א פון דעם וואָלאָגדער סאָוועט, וועלכער איז געווען שטאַרק אי־בערראַשט צו זעהן מיך אַ צווייטען מאָל. ער האָט מיך דער־מאָנט, ווי ר א ד ע ק און איך, הונגעריג נאָך פון מאָסקווע, לעצטען זומער, ווען מיר זיינען געקומען קיין וואָלאָגדע, האָבען איבערראַשט דעם האָטעל פון דעם „גאָלדענעם אַנקער“, עסענ־דיג יעדער איינער צו פופצעהן אייער. איך האָב דאַן גע־דיענט אַלס איבערזעצער פאַר ראַדאַק'ן, אין זיינע איבערריידונ־גען מיט מר. לינדליי'ן.

ע ל י א ו ו א איז אַ פיינער, עהרליכער בחור. איהם איז עס זעהר שווער געגאַנגען אין ו ו אָ ל אָ ג ד ע, וואו די גרויסע

צאָהל אויסלענדישע קאָנסולאַטען און באַטשאַפטען איז נאָ־מירליכערוויזע געוואָרען דער צענטער פון אומפריינדליכקייט אין א געגענד, וועלכער איז אין יענער צייט געווען פול מיט אויפרייסענדען מאַטעריאַל. איך גערדיינק, ווען מיר זיינען פון איהם אוועקגעפאָהרען, האָט מיר ראַדעק געזאָגט, אז ער דיינקט ניט, אז ער וועט איהר נאָכאַמאָל זעהן א לעבעדיגען.

ער האָט מיר געזאָגט, אז ער האָט פאַרלאָזען וואָלאָגדא מיט א חדשים דריי צוריק, און איצטער פאָהרט ער קיין ט ו ר־ק ע ס ט א ן. ער האָט ניט פאַרבאָרגען זיין פאַראיבעל קעגען מ. נולען (דעם פראַנצויזישען אַמבאַסאַדאָר), וועלכער, נאָך זיין מיינונג, האָט ניט דערלאָזען לעצטען יאָהר, אז עס זאָל קו־מען צו א פאַרשטענדניס. ער האָט אָבער גאָרנישט געהאַט אנטקעגען ל י נ ד ל י ׳ ן.

ענדליך האָט זיך אויפ׳ן אויפגעהויבענעם פרעזידיום א באַוועג געטאָן, און דער מיטינג האָט זיך אָנגעהויבען. איך האָב קוים געגלויבט אז איך בין דאָרט ניט געווען שוין א זעקס חדשים ווען איך האָב געזעהן, ווי דער מאָגערער, לאַנג־האָריגער א ו ו א נ ע ס א ו ו פאַרנעמט זיין סעקרעטאַר־פּלאַץ, און ס ו ו ע ר ד ל אָ ו ו, דער פרעזידענט, בויגט זיך אָן א ביסעל פאָראויס, קלינגט זיין גלעקעל, און מאַכט באַקאַנט, אז דער מיטינג איז ערעפענט.

— געגאָסע טשיטשערין האָט דאָס וואָרט.

טשיטשערינ׳ס רעדע איז געווען אין דער פאָרם פון אָן אַלגעמיינעם באַריכט איבער דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. ער האָט גערעדט א ביסעלע העכער, ווי געוועהנליך, נאָר איך האָב געמוזט צוגעהן נעהנטער א פאָר פלעצער, איידער איך האָב איהם געקאָנט הערען.

ער האָט געגעבען א בילד פון די פאַרשיידענע שריט, וואָס די סאָוועט־רעגירונג האָט אָנגענומען אין איהרע באַמיהונגען צו ברייגען פריעדען. ער האָט אפילו אריינגערעכענט אזעלכע „שלום־אָפּענסיוועז“ פון קלענערער וויכטיגקייט, ווי ליטווי־נאָוו׳ס טעלעגראַמע צו פרעזידענט ווילסאָן. ער האָט דאָן, אין ניט זעהר קיין האָפנונגספולען טאָן, געוואויגען די מעגליכקייר

טען, אז זיין לעצטע נאָטע צו די אַליאירטע זאָל האָבען וועלכע ס'איז ניט ערנסטע רעזולטאַטען. ער האָט אָפּגעשאַצט די ווי־דעראַנאַנדיגע טענדענצען פאַר און קעגען א מלחמה מיט רוס־לאַנד אין יעדער איינער פון די וויכטיגסטע באַטרעפענדע לענ־דער.

דער וואוקס פון דעם רעוואָלוציאָנערען געפיהל אין אויס־לאַנד האָט פאַראורזאַכט, אז די אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען זאָלען ווערען נאָך מעהר אַגרעסיוו צו דער ארבייטער און פויע־רים רעפּובליק, ווי זיי וואָלטען געווען אין'ם אַנדערען פאַל. ער מאַכט בלויז זייער אַריינמישונג שווערער, אָבער מעהר ניט. עס איז אונמעגליך צו זאָגען, אַז דער צוזאַמענברוך פון'ם אימפּע־ריאַליזם איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט שוין אָנגעוואָרען זיינע צייהנער.

טשיטשערין רעדט, ווי ער וואָלט געווען א מת. און, ווירקליך, ער איז האַלב טויט. ער האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעלערענט צו זעהן, אז זיינע אַרויסהעלפער זאָלען טאָן די פּשוט'ע רוטין־ארבייט. ער איז אַלעמאָל מיעד. ווען איהר באַגעגענט איהם, האָט איהר ניט קיין האַרץ צו זאָגען איהם „גוט־מאָרגען", ווייל אין זיינע אויגען זעהט איהר אַן אומבאַוואוסטזיניגע בקשה, אז מען זאָל אילם לאָזען צו־רוה: טיילווייז כדי צו פאַרמיידען באַזוכער, טיילווייז ווייל ער איז זעלבסט געוואוינט געוואָרען צו ארבייטען ביינאַכט, ארבייט מען אין זיין סעקציע פון דעם אויסלענדישען דעפּאַרטמענט אין אומגעוועהנליכע שטונדען. מען קען איהם ניט טרעפען ביז פינף אזייגער נאָכמיטאָג, און ער ארבייט ביז פיער אזייגער פאַרטאָג.

דער מאַטעריאַל פון זיין באַריכט איז געווען זעהר אינטע־רעסאַנט, אָבער דער טאָן פון דעם באַריכט איז ניט געווען אזא, וועלכער זאָל אַרויסרופען ענטוזיאַזם; די אוידיענץ האָט איהם אויפמערקזאַם אויסגעהערט. אָבער זי איז אויפגעלעבט געוואָ־רען ערשט דאַמאָלסט, ווען מען האָט פאָרגעלייענט דעם דאָקו־מענט, וואָס די אַרויסגעוואָנדערטע פינאַנצירען, אַריסטאָקראַ־טען, באַנקראָטירטע פּאָליטישענס פון דער רוסישער קאָלאָניע

אין שטאָקהאָלם, האָט צוגעשיקט צו קלעמאַנסאָ׳ן, פּראָטעס־טירענדיג קעגען אירגענד וועלכען אָפּמאַך מיט די באָלשעווי־קעס.

אין זאַל האָט אויסגעבראָכען אַ גרויסער געלעכטער.

נאָך טשיטשערינ׳ען האָט גערעדט ב ו כ א ר י ן. ער האָט פאַרגליכען די איצטיגע לאַגע מיט דער לאַגע אין ברעסט־ליטאָווסק. ער, צוזאַמען מיט ראַדעק׳ן (ווי איך זעלבסט געדיינק עס) זיינען געווען די ביטערסטע געגנער פון דעם שלום־אָפּמאַך. נאָר איצטער גיט ער צו, אַז ל ע נ י ן איז געווען גערעכט, און ניט ער. די לאַגע איז איצטער געוואָרען גאָר אַן אַנדערע, ווייל דאַן איז דער אימפּעריאַליזם געווען צושפּאָלטען אין צוויי לאַגערען, וועלכע האָבען געקעמפט איינער קעגען אַנדערען, אָבער איצט צייגט ער אַרויס סימנים פון אַ פּאַרלאַנג צו פאַראייניגען די כחות. ער קוקט אויף דער פעלקער־ליגע ווי אויף אַ קאַפּיטאַליסטישען סינדיקאַט, און האָט געזאָגט, אַז דער אונטערשייד אין דער שטעלונג, וואָס פראַנקרייך און אַמעריקאַ נעמען אָן צו דער פעלקער־ליגע, נעמט זיך פון דער פאַרשיי־דענער לאַגע, אין וועלכער עס געפינען זיך דער אַמעריקאַנער און דער פראַנצויזישער קאַפּיטאַל. דער פראַנצויזישער קאַפּי־טאַל איז אַזוי שוואַך, דאָס אין בעסטען פאַל קאָן פראַנקרייך זיין בלויז אַ קליינער שערהאָלדער. דער אַמעריקאַנער קאַפּי־טאַל געפינט זיך אָבער אין זעהר אַ גינסטיגער לאַגע. אַמעריקאַ האָט דעריבער געוואָלט אַ ריזיגען אַל־אייראָפּעאישען סינדי־קאַט, אין וועלכען יעדער שטאַאַט זאָל האָבען אַ געוויסע צאָהל שערס. אַמעריקאַ, האָבענדיג די גרעסטע צאָהל שערס, וועט זיין אימשטאַנד צו עקספּלואַטירען די איבעריגע פעלקער.

דאָס איז בוכארינ׳ס אַ „פיקסע“ אידעע, און זינט לעצטען זומער האָט ער ניט פאַרפעהלט קיין געלעגענהייט אַרויסצוקומען מיט זיין טעאָריע פון דער פעלקער־ליגע.

וואָס אַנבאַלאַנגט טשיטשערינ׳ס נאָטע, זאָגט ב ו כ א־ר י ן, אַז זי האָט אַ גרויסען היסטאָרישען באַדייט כאָטש צו־ליעב דעם אַליין, וואָס זי געברויכט אַזאַ שפּראַך, וועלכע איז גאַנץ אַנדערש פון דער היפּאָקריטישער שפּראַך פון דער גע־

וועהנליבער דיפּלאָמאַטיע. „דערצעהלט אונז, וואָס איהר ווילט“, זאָגט זי, „און מיר זיינען בארייט אייך אָפּצוקויפען, כדי צו פארמיידען קריעג“. ווען אפילו די אַליאירטע האָבען אויף איהר ניט געענטפערט, וועט דאָך די דאָזיגע נאָטע דיענען אַ גוטען צוועק, און וועט זיין עפּאָכע־מאַכענד אין דער געשיכטע.

נאָך בוכאַנינ׳ען האָט גערעדט ל י ט װ י נ אָ װ. אַ כאַלידער, פּרעהליכער, קיילעכדיגער מאַן, אין אַ פאַרשפּיצטער גרויער קוטשמע, האָט ער איצטער אויסגעזעהן נאָך קיילעכדי־גער אין זיין דיקען אויבערמאַנטעל מיט׳ן פעלצענעם קאָלנער. ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין פּלאַץ, האָבען זיך זיינע שפּאַקולען ארונטערגעגליטשט פון זיין נאָז, און זיין גרויער שאַל איז איהם אַרונטערגעהאַנגען פון דעם האַלז. ער האָט זיך געאיילט צו דער טריבונע.

ער האָט אַרונטערגענומען זיינע זאַכען און האָט זיי גע־לאָזען אויף אַ שטוהל אונטען. אויף דער טריבונע איז ער אַרויף מיט אויפגעשויבערטע האָר; זיין פּנים זעהר ערנסט. מיך, וועלכער האָט איהם פריהער ניט געהערט ריידען אויף אַ פאַרזאַמלונג, האָט ער איינפאַך איבערראַשט מיט זיין שטאַר־קער שטים. ער האָט גערעדט זעהר גוט, מיט מעהר אָרדנונג, איידער בוכארין, און מיט מעהר באַגייסטערונג. ער האָט אָפּ־געגעבען אַ באַריכט וועגען דער לאַגע אין אויסלאַנד.

ער האָט געזאָגט (און ל ע נ י ן האָט פאַר מיר אויס־געדריקט די זעלבע מיינונג שפּעטער), אַז די פיינדשאַפט פון די פאַרשיידענע לענדער צו סאָוועט־רוסלאַנד איז אין אַ דירעק־טער פּראָפּאָרציע צו זייער שרעק פאַר אַ רעוואָלוציע ביי זיך אין דער היים. אַזוי, צום ביישפּיעל, פראַנקרייך, וועמעס קאַ־פּיטאַל האָט געליטען אַממייסטען בשעת דער מלחמה און איז דעריבער שוואַכער, איז אַממייסטען פאַרביסען, אין דער צייט ווען אַמעריקאַ, וועמעס קאַפּיטאַל איז אין גוטען צושטאַנד, איז גרייט איינצוגעהן אויף אַן אָפּמאַך. ענגלאַנד, מיט עטוואָס װעניגער צוטרויען, האָט ליטווינאָוו געזאָגט, איז גרייט נאָכ־געהן נאָך אַמעריקאַ. דער נויטיגען זיך אין רויהען מאַטעריאַל איז דער הויפּט־מאָטיוו פ אַ ר שליסען אַן אָפּמאַך מיט רוס־

לאַנד. פון דער אַנדער זייט, די מורא, אַז די בלויזע עקזיס־טענץ פון אַן ארבייטער־רעגירונג ערגעץ אין דער וועלט וועט פאַרשטאַרקען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין אַנדערע לענ־דער, איז דער הויפּט־מאָטיוו פאַר דער אויסראָטונג פון דער סאָוועטען־רעגירונג אום יעדען פּרייז. זיין מיינונג איז געווען, אַז טשיטשערינ׳ס נאָטע וועט נאָך בולט׳ער מאַכען דעם אונ־טערשייד צווישען די דאָזיגע ענטגעגענגעזעצטע שטאַנדפּונק־טען, און וועט מאַכען אַ פאַרבינדונג פון דער גאַנצער קאַפּיטאַ־ליסטישער וועלט קעגען רוסלאַנד פאַר אַ זאַך פון דער אונמעג־ליכקייט.

ענדליך האָט גערעדט ק א מ ע נ י ע ו ו, וועלכער איז איצטער דער פּרעזידענט פון דעם מאָסקווער סאָוועט. ער האָט גערעדט געגען בוכאַנינ׳ס פאַרגלייכונג פון דעם פריע־דען, וועלכע די באָלשעוויסטישע רעגירונג זוכט איצטער, מיט דעם ברעסט־ליטאָווסקער שלום. דאַן איז אַלץ געווען אין אַן עקספּערימענטס־צושטאַנד. איצטער איז קלאָר פאַר דער גאַנ־צער וועלט, אַז די פאַראייניגונג פון רוסלאַנד קאָן דערגרייכט ווערען בלויז אונטער דעם סאָוועט־רעזשים. די פיינדליכע מלוכות מוזען אַנערקענען דעם דאָזיגען פאַקט.

איינינע טיילען פון רוסלאַנד (אוקראַינע) האָבען פאַר די לעצטע פופצעהן מאָנאַטען געהאַט יעדע רעגירונגס־פאָרם, אָנ־הויבענדיג מיט די סאָוועטען, די דיקטאַטור פונ׳ם פּראָלעטאַ־ריאַט, און ענדיגענדיג מיט דער דיקטאַטור פון די אויסלענדישע אריינדרינגער, און דער דיקטאַטור פון אַ גענעראַל פונ׳ם אַלטען רעזשים. סוף כל סוף האָבען זיי זיך צוריקגעקערט צו די סאָ־וועטען. די מערב־אייראָפּעאישע אימפּעריאַליסטען מוזען איינ־זעהן, אַז די איינציגע רעגירונגס־פאָרם אין רוסלאַנד, וועלכע שטיצט זיך אויף די מאַסען, איז די סאָוועטען־רעגירונג, און קיין אַנדערע.

אפילו די צייטונג פון די מענשעוויקעס, קאָמענטירענדיג טשיטשערינ׳ס נאָטע, האָט זיך אויסגעדריקט, אַז מיט דיזען שריט האָט די סאָוועטען־רעגירונג דערוויזען, אַז זי איז ווירק־ליך אַ נאַציאָנאַלע רעגירונג, וועלכע ארבייט אין די אינטערע־

סען פון דער גאַנצער נאַציע. ער האָט דערנאָך דורכגעלייענט א באַהויפּטונג פון רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען (דע־לעגאַטען פון דער דאָזיגער גרופּע, מיטגלידער פון דער גרינ־דונגספאַרזאַמלונג, האָבען בשעת מעשה זיך געפונען אויף דער גאַלעריע) אין דעם זין, אַז זיי זיינען גרייט צו העלפען דער סאָוועט־רעגירונג, אַלס די איינציגע רעגירונג אין רוסלאַנד, וועלכע קעמפּט קעגען דער דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע.

צום סוף האָט דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט איינשטימיג גע־פּאַסט אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס ווערט גוטגעהייסען יע־דער שריט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען כדי צו דערגרייכען פריעדען. אין דערזעלבער צייט „ווערט געשיקט אַ ברידערלי־כער גרוס צו דער רויטער אַרמיי פון אַרבייטער און פּויערים, וועלכע קעמפּט פאַר דער אומאָפּהענגיגקייט פון סאָוועט־רוס־לאַנד“. דער מיטינג איז דאַן אַריבערגעגאַנגען צו אַ באַטראַכ־טונג פון נייע פּראַגען.

איך בין אַוועקגעגאַנגען, פיהלענדיג זעהר דערדריקט אי־בער דעם, ווי ווייניג איך האָב פאָראויסגעזעהן לעצטען יאָהר, ווען די סאָוועטען־רוסלאַנד איז געצוואונגען געווען אונטערצו־שרייבען פריעדען מיט דייטשלאַנד, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען זיי וועלען זיך אויף סטאַרען קויפען פריעדען פון אונז.

ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען האָב איך געזעהן נאָך אַן אומ־גליקליכע פיגור, אומגליקליך גאָר צוליעב אַנדערע אורזאַכען. אַ נ ד ז ש ע ל י ק אַ ב אַ ל אַ ב אַ נ אָ ו ו אַ, נאָכדעם ווי זי האָט איהר גאַנץ לעבען געטרוימט וועגען דעם סאָציאַליזם אין דעם הערליכסטען אוטאָפּיסטישען זין, איז געקומען קיין רוסלאַנד כדי אויסצוגעפינען, אַז דער סאָציאַליסטישער שטאַאַט שטעהט פּנים אל פּנים מיט ביטערע אומשטענדען, ניט ווייני־גער ווי אירגענד אַנדערער קאַפּיטאַליסטישער שטאַאַט, און אַז אין אַ מלחמה איז דאָ ווייניג סענטימענט און אַ סך ציניזם, און אַז חלומות וועגען אַ בעסערער מענשהייט, אין דער צייט, וואָס די גאַנצע מענשהייט שטעלט זיך אַנטקעגען זיי, קאָנען ניט פאַרווירקליכט ווערען אַזוי גרינג דורך די טרוימער.

ווען איך בין געגאַנגען אַהיים, איז געפאַלען אַ שניי. צוויי אַרבייטער זיינען געגאַנגען מיר פאַראויס, אַרגומענטי־רענדיג: „ווען נור ניט דער הונגער!" האָט איינער געזאָגט. „אָבער וועט ער זיך ווען ס'איז ענדיגען?" האָט זיך אָפּגערופען דער צווייטער.

## קאַמעניעוו און דער מאָסקווער סאָוועט

דעם עלפטען פעברואַר.

ל י ט װ י נ אָ װ ' ן איז עס ניט געגאַנגען מיט זיין חדר אין דעם מעטראָפּאָל. עס איז קליין, טונקעל, שמוציג און קעלטער ווי ביי מיר. ער האָט זיך געפיהלט קראַנק. זיין ברוסט האָט איהם וועה געטאָן, אפשר מחמת זיין נעכטיגער רע־דע. אָבער ווען איך בין דאָרטען געווען האָט איהם קאַמעניעוו אָפּגערופען אויפ'ן טעלעפאָן, געזאָגט, אַז אַן אויטאָמאָביל וואַרט אויף איהם אונטען, און וואָלט ער גלייך אַריבערגעקומען אין דעם מאָסקווער סאָוועט צו ריידען וועגען דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער לאַגע?

ליטווינאָוו האָט געפּרואווט זיך אָפּבעטען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איך וויל זעהן קאַמעניעוו'ן, וואָלט געווען גלייך, אַז איך זאָל אויך געהן מיט איהם.

מיר האָבען געטראָפען קאַמעניעוו'ן אין קאָרידאָר, און נאָך אַ קורצער רייזע מיט אַ קליינעם פערד, זיינען מיר אָנגעקומען אין דעם מאָסקווער סאָוועט.

דער סאָוועט קלייבט זיך צונויף אין דעם קליינעם לעק־ציאָנס־זאַל פון דעם אַלטען פּאָליטעכניקום. ווען מיר זיינען אָנגעקומען, איז פאָרגעקומען אַ פאַרטיי־מיטינג. קאַמעניעוו, ליטווינאָוו און איך זיינען אַריינגעגאַנגען אין אַ קליינעם ליידי־גען חדר'ל הינטער דער ביהנע. אַ מיטגליד פון דעם סאָוועט, וועמעס נאָמען איך האָב פאַרגעסען, האָט זיך אויך אָנגעשלאָ־סען אָן אונז.

עס איז געווען קאַמעניעוו'ס ערשטער געשפּרעך מיט ליט־

ווינאָוו׳ן נאָך דעם לעצטענס צוריקקעהר. איך דיינק, זיי האָ־בען מיך אינגאַנצען פאַרגעסען. קאַמענעוו האָט געפרעגט ליט־ווינאָוו׳ן, וואָס ער דיינקט דאָ טאָן. ליטווינאָוו האָט איהם געענטפערט, אַז ער וואָלט וועלען גרינדען אַ ספּעציעלען קאָנ־טראָל־דעפּאַרטמענט, וועמעס אויפגאַבע עס זאָל זיין אויפצו־נעמען אַלע קלאַגען, נאָכצופאָרשען די ארבייטסזאַמקייט פון די פאַרשיידענע קאָמיסאַרען, א. א. וו. מיט איין וואָרט — צו גרינדען דעם אונפּאָפּולערסטען דעפּאַרטמענט אין מאָסקווע.

קאַמענעוו האָט געלאַכט.

— איהר דאַרפט ניט דיינקען, אַז איהר זייט דער ער־שטער, וועמען אַזאַ געדאַנק איז אריינגעפאַלען אין קאָפּ. יע־דער אויסלענדישער שליח, וועלכער קעהרט זיך אום, אָהן אויס־נאַם, האָט דעמזעלבען פּלאַן. זיך צוריקקערענדיג פון אויס־לאַנד באַמערקען זיי שנעלער ווי מיר דעם מאַנגעל אין אַר־בייטסזאַמקייט, און דיינקען גלייך אויפ׳ן אָרט, אַז זיי וועלען אַלץ גוט־מאַכען. ר א ק אָ ו ו ס ק י איז דאָ געזעסען מיט חדשים צוריק, און בלויז פון דעם געטרוימט. מיט יאָפּפע׳ן איז געווען דאָס זעלבע, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון דעם ציכטיגען ב ע ר ל י ן. איצטער ביזטו; און ווען ו ו א־ר אָ ו ו ס ק י וועט קומען (וואָראָווסקי איז נאָך געווען אין פעטראָגראַד), וועט איך זיך, אַז ער האָט אויך ביי זיך אין קע־שענע אַ פאַרטיגען פּלאַן וועגען אַלגעמיינעם קאָנטראָל. אָבער דאָס קאָן ניט געטאָן ווערען. די איינציגע זאַך איז, אַז ווען עפּעס דאַרף געטאָן ווערען, דאַרף מען דאָס זעהן איבערגעבען צו איינעם, אויף וועמען מען קאָן זיך פאַרלאָזען. עס איז שווער צו קריגען זייף. גוט. גרינדעט אַ קאָמיסיע — און אויגענ־בליקליך פאַרשווינדט דער זייף. אָבער באַשטימט א י י ן מענשען צו זעהן, אַז עס זאָל ווערען זייף, ווערט טאַקע באַלד זייף!

— וואו איז די זייף־אינדוסטריע קאָנצענטרירט?

— עס זיינען דאָ גוטע פאַבריקען, גוט אויסגעשטאַטעט, אָבער זיי פונקציאָנירען ניט, טיילווייז מחמת עס פעהלט אויס מאַטעריאַל, און טיילווייז, אפשר דערפאַר, ווייל עמיצען אַ

פאַרריקטען האָט זיך אויסגעדרוכט, אז עס איז נויטיג אַלץ אָפּ־צושטעלען, כדי מען זאָל נעמען אַן אינוועטאַר.

ליטווינאָוו האָט איהם געפרעגט וואָס ער דיינקט וועגען דער אַלגעמיינער לאַגע. ער האָט געענטפערט: זי איז גוט, אויב נאָר מען וואָלט געקאָנט פאַרבעסערען די טראַנספּאָרט־מיטלען. כדי אַז דער מאָסקווער פּובליקום זאָל קאָנען פיהלען אַ באַדייטענדע פאַרבעסערונג, וואָלט געוועזען נויטיג, אַז הונ־דערט שפּייז־וואַגאָנען זאָלען אָנקומען אין שטאָדט טעגליך. איצטער קומען זעלטען אָן מעהר ווי צוואַנציג.

איך האָב געפרעגט ביי קאַמענעוו'ן וועגען די שולען. ער האָט מיר ערקלערט, אַז זיי האָבען פאַרשיידענע שוועריגקייטען. איין שוועריגקייט איז צוליעב דעם מיליטאַריזם, וועלכער ווערט אויף זיי אַרויפגעצוואונגען דורך אויסערליכע אָנגריפען. די נייע סאָלדאַטען פון דער רויטער אַרמיי, האָט ער מיר ערקלערט, זייענדיג מייסטענס אַרבייטער, זיינען צוגעוואוינט צו אַ העכערען קאָמפאָרט־סטאַנדאַרד, איידער די סאָלדאַטען פון דער אַלטער אַרמיי, וועלכע זיינען אַממייסטען געוועזען פּויערים. זיי האָבען פּראָטעסטירט קעגען די נאַרעס, אויף וועלכע מען איז געשלאָפען אין די אַלטע, פאַסקודנע, איבערגעפּאַקטע קאַזאַר־מעס. טראָצקי, זוכענדיג אומעטום פּלעצער וואו איינ־צוקוואַרטירען זיינע ליעבינקע האָט ניט געפונען גאָרניט מעהר פּאַסענדיגס, ווי די שולען. ווי קאַמענעוו זאָגט: „מיר דאַרפען ביטער קעמפען פאַר יעדע שולע".

אַן אַנדער שוועריגקייט, האָט קאַמענעוו געזאָגט, איז דער מאַנגעל אין שול־ביכער. געשיכטע־ביכער, צ. ב., וועלכע זיי־נען געשריבען געוואָרען אונטער דער אַלטער צענזור און אין איינקלאַנג מיט די פּרינציפּען פון דעם אַלטען רעזשים, זיינען איצטער נוצלאָז; די נייע געשיכטע־ביכער זיינען נאָך ניט פאַרטיג, אַ חוץ דער שוועריגקייט צו קריגען פּאַפּיר און זאַץ.

פונדעסטוועגען איז אַ סך אויפגעטאָן געוואָרען. קיין איינ־ציג קינד אין מאָסקווע דאַרף ניט אַרומגעהן הונגעריג. פון 150,000 ביז 180,000 קינדער קריגען פרייע מאָלצייטען טעג־ליך אין די שולען. איבער 10,000 פאַר שיך זיינען אוועקגע־

געבען געוואָרען צו קינדער, וועלכע האָבען זיי געברויכט. די צאָהל פון ביבליאָטעקען האָט זיך גוואַלדיג פאַרגרעסערט. פי־זיש לעבען טאַקע די ארבייטער אין א סך ערגערע אומשטענדען ווי אין 1912, אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט זייער גייסטיגען וואויל־זיין, קאָן דאָ ניט זיין קיין שום פאַרגלייכונג. אַזעלכע פּלע־צער, צ. ב., ווי דער י א ר רעסטאָראַן, וואוהין פריהער פלע־גען בלויז רייכע געהן צו אַמוזירען זיך מיט שפּייז־אָרגיעס און שכרות, און פלירטירען מיט די ציגיינערקעס, זיינען איצטער פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין ארבייטער־קלובען און טעאַטערס, וואוהין יעדער ארבייטער האָט א רעכט צו געהן. וואָס אָנבאַ־לאַנגט דער נאָכפראַגע נאָך ליטעראַטור פון דער פּראָווינץ, שטייגט זי ווייט אריבער אַלע באַמיהונגען פון די דרוקערייען און ביכער־געשעפטען זי נאָכצוקומען.

ווען דער פאַרטיי־מיטינג האָט זיך געענדיגט, זיינען מיר צוריק אריינגעגאַנגען אין דעם לעקציאָנס־זאַל, וואו די מיטגלי־דער פון דעם סאָוועט האָבען זיך שוין צוזעצט אויף זייערע פּלעצער. עס האָט זיך מיר געוואָרפען אין די אויגען די אָב־וועזענהייט פון דעם אַלגעמיינעם פּובליקום, וועלכער פלעגט אין די ערשטע טעג פאַרפלייצען די גאַלערייעס. די פּאָליטישע אויפגערעגטקייט פון דער רעוואָלוציע האָט זיך שוין געפעהלט. היינט צו טאָג זיינען ניט געוועזן צו זעהן מעהר די צושויער, ווי איינער זעהט געוועהנליך אויף די גאַלערייעס פון דעם האוז אָוו קאָמאָנס.

דער כאַראַקטער פון דעם סאָוועט גופא האָט זיך ניט געענ־דערט. פּאַקטיש יעדער איינער, וועלכער איז געזעסען דאָ אויף די ביינק, איז געוועזן אַן ארבייטער, און איז געוועזן שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען. ליטווי־נאָוו האָט פּאַקטיש איבערגע׳חזר׳ט די רעדע, וועלכע ער האָט געהאַלטען לעצטע נאַכט, מעהר ניט ער האָט זי געמאַכט א ביסעל מעהר דעמאַגאָגיש. ער האָט אָנגעצייגט, אז איצט, נאָך דעם נצחון פון די אַליאירטע, איז דאָ בלויז איין ווינקעל אויף דער וועלט, וואו דער קאַפּיטאַל פון די אַליאירטע הערשט ניט, און דאָס איז — סאָוועטען־רוסלאַנד.

דער סאָוועט האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע דריקט אויס „אַ שטאַרקען גלויבען, אַז עס וועט ענדליך געלינגען דער כאָוועטען־רוסלאַנד צו שליסען פריעדען, און אַזוי אָרום עפענען אַ ברייטען וועג פאַר דער אויפבויאונג פון אַ פּראָלעטאַרישען שטאַאַט."

עמיצער האָט אונטערגעטראָגען קאָמענטאַר'ן אַ צעטעלע. אַ קוקטועוודיג אויף איהר, האָט ער אַנאָנסירט, אַז דער אָקאָרשט אויסגעקליבענער פאָרשטעהער פון די מאָסקווער כינעזישע אַר־בייטער וויל עפּעס ריידען.

דאָס איז געווען טשיטאַיאַ קוני, אַ פעסטער קליינער כי־נעזער, מיט אַ גרויסען קאָפּ, און אַ שוואַרצען לעדערנעם מאַנ־טעל און הויזען. איך האָב איהם שוין פריהער אַ סך מאָל באַ־מערקט, און געוואונדערט זיך, ווער ער קאָן זיין.

ער איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס פריינדליכקייט. ער האָט געהאַלטען אַ שטילע, עטוואָס שעמעוודיגע רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט, אַז ער לערנט זיך דאָ אויס, ווי איינ־צופיהרען סאָציאַליזם אין כינאַ, און ענגלישע קאָמפּלימענטען.

ר י י נ ש ט י י ן האָט געענטפערט. ער האָט דער־צעהלט, ווי מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט מען אויף אַן אַמערי־קאַנער אַרבייטער־קאָנגרעס ניט געוואָלט צולאָזען די פאָרשטע־הער פון אַ יוניאָן פון פרעמד־געבאָרענע אַרבייטער. „אַזאַ", האָט ער געזאָגט, „איז געווען די שטימונג אין אַמעריקאַ אין יענע צייטען, ווען ג אָ מ פּ ע ר ס איז געווען דער „סאַמאָ־דערזשאַווע", אָבער יענע צייט האָט זיך שוין געפּעהלט.

פונדעסטוועגען, הערענדיג ר י י נ ש ט י י נ'ע ן, האָב איך זיך געפרעגט: אין וויפיעל נאָך אַנדערע לענדער, אויסער רוסלאַנד, וואָלט מען אַזוי וואַרים אויפגענומען אַ פאָרשטעהער פון פרעמד־געבאָרענע אַרבייטער? איך דיינק, אַז דאָס קאָן מען ניט דערקלערען מיט בלויז דער גוטהאַרציגקייט פון די רוסען. אַ דאַנק דער אַלגעמיינער אויסגלייכונג פון די ווייזדזשעס, האָט מר. ק ו נ י ניט געקאָנט פאָרשטעלען מיט זיך די קאָנקורענץ פון ביליגערער אַרבייט.

איך האָב שפּעטער גערעדט צו דעם כינעזער. ער איז דער

פרעזידענט פון דעם כינעזישען סאָוועט. ער האָט מיר דער־צעהלט, אַז זיי האָבען אין מאָסקווע אַרום טויזענט כינעזישע אַרבייטער, און דעריבער זיינען זיי באַרעכטיגט צו אַ פאָרשטע־הערשאַפט אין דער שטאָדט־רעגירונג. איך האָב איהם גע־פרעגט, וויפיעל כינעזער עס זיינען דאָ אין דער רויטער אַרמיי? ער האָט מיר געענטפערט, אַז מעהר ניט, ווי אַ צוויי אָדער דריי טויזענט.

## אַ געוועזענער קאַפּיטאַליסט.

דעם דרייצעהנטען פעברואַר.

איך האָב געטרונקען טיי מיט מיינעם אַן אַלטען באַקאַנ־טען פון דער פּראָווינץ, אַ רוס. פאַר דער רעוואָלוציע איז ער געווען דער אייגענטימער פון אַ טשעמאָדאַן־פאַבריק, וועלכע האָט געאַרבייט אין פאַרבינדונג מיט זיין אָנקעל'ס האַרבאַרניע.

ער האָט מיר דערצעהלט די געשיכטע פון די פּאַסירונגען ביי זיי אין דער היים.

דער אָנקעל האָט אָנגעהויבען זיינע געשעפטען מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל, און בשעת דער מלחמה האָט ער פאַרדיענט גענוג כדי אָפּצוקויפען די גאַנצע האַרבאַרניע, אין וועלכער ער האָט בלויז געהאַט עטליכע שערס. וואָס עס האָט זיך מיט איהם פאַרלאָפען זינט דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, איז אַ גוטע אילוסטראַציע פון דעם אופן, לויט וועלכען אַ טעאָריע ווערט אַריבערגעפיהרט אין דער פּראַקטיק. איך גיב דאָ איבער די געשיכטע אַזוי ווייט ווי מעגליך, ווי זי איז מיר דערצעהלט גע־וואָרען דורך דעם פּלימעניק.

בשעת דער ערשטער רעוואָלוציע, דאָס הייסט פון דעם ער־שטען מערץ ביז אָקטאָבער 1917, האָט ער שטאַרק געקעמפט קעגען די אַרבייטער, און איז געווען איינער פון די גרינדער פון אַ סאָוועט פון פאַבריק־אייגענטימער, וועמעס אויפגאַבע עס איז געווען זיך אַנטקעגענצושטעלען די אַרבייטער־סאָוועטען (דורך אַלגעמיינע לאָקאַוטען א. א. וו.)

דער דאָזיגער „סאָוועט“ איז, פאַרשטעהט זיך, צושמע־

טערט געוואָרען דורך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און דער אָנקעל, נאָכדעם ווי ער איז געצוואונגען געווען, אַלס אַן איי־גענטימער צו באַצאָהלען געוויסע קאָנטריבוציעס, האָט שטאַרק נאָכגעפאָלגט די צייטונגען. ער האָט באַלד פארשטאַנען, אַז נאָכדים ווי די באַנקען זיינען נאַציאָנאַליזירט געוואָרען האָט עס ניט קיין שום זין זיך אַנטקעגען צושטעלען, און האָט דע־ריבער באַשלאָסען ביי זיך צו טאָן אַלעס מעגליכעס, אַבי איינ־גאַנצען ניט פארלירען זיין פאַבריק".

ער האָט צונויפגערופען זיינע ארבייטער, און זיי פאָרגע־שלאָגען, אַז זיי זאָלען גרינדען אַן ארטעל, אָדער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, און נעמען די פאַבריק אין זייערע אייגענע הינט. יעדער איינער זאָל ביישטייערען צו טויזענד רובעל פאַר'ן קאַ־פּיטאַל, מיט וועלכען צו אָפּערירען די פאַבריק. עס פארשטעהט זיך, די ארבייטער האָבען ניט געהאַט צו טויזענד רובעל יעדער איינער, „האָט דער אָנקעל פאָרגעשלאָגען, אַז ער וועט איינצאָה־לען פאַר זיי, בתנאי, אַז זיי זאָלען שפּעטער עס איהם אומקעה־רען".

דאָס איז געווען אומגעזעצליך, אָבער די קליינע שטעדטעל האָט זיך געפונען ווייט פונ'ם צענטער פון פּאַסירונגען, און דאָס האָט געשיינט צו זיין אַ גאַנץ גוטער פּלאַן. ער האָט קיינ־מאָל ניט ערווארט צו קריגען דאָס געלד צוריק, אָבער ער האָט געהאָפט, אַז אויף אַזאַ אופן וועט ער קענען קאָנטראָלירען זיין הארבארניע, וועלכע ער האָט געוואָלט ווייטער ענטוויקלען, האָ־בענדיג אין איהר אַ פאָטערליכען אינטערעס.

אַלץ איז געגאַנגען גלאַט. זיי האָבען אויסגעקליבען אַ אַ קאָנטראָל־קאָמיטעט. „דער אנקעל איז אויסגעקליבען געוואָ־רען אַלס פּרעזידענט, איך — אַלס וויצע־פּרעזידענט, און נאָך דריי ארבייטער. אויף דעם דאָזיגען אופן ארבייטען מיר ביז היינט צו־טאָג. זיי צאָהלען דעם אנקעל 1,500 רובעל אַ מאָנאַט, מיר — טויזענד רובעל, און דעם בוכהאַלטער — טויזענד. די איינציגי צרה איז, וואָס די ארבייטער האַלטען אַלץ אין איין באהאַנדלען דעם אָנקעל, אַלס אַן אייגענטימער, און דאָס קאָן נאָך פארשאַפען טראָבעל, אויב מען וועט זיך דערוויסען, דער אנקעל האַלט אַלץ אין איין זאָגען זיי:

— די פאַבריק איז אייערע. רופט מיך ניט „באַלעבאָס„.
און זיי ענטפערען:

— יאָ, אמת, עס איז טאַקי אונזער פאַבריק, אָבער דו ביזט אַלץ דער באַלעבאָס, און עס מוז אַזוי זיין.

די אונאַנגענעמליכקייטען האָבען זיך אָנגעהויבען, ווען אַ שטייער איז אַרויפגעלייגט געוואָרען אויף דעם אייגענטימער־קלאַס. „דער קלוגער אַנקעל האָט שוין אויפגעהערט צו זיין אַן אייגענטימער. ער האָט אַוועקגעשיינקט זיין הויז צו דער פאַבריק, און דאָרט געקראָגען די חדרים, אַלס פּאָרזיצענדער פון דעם פאַבריק־סאָוועט. ער איז דעריבער טאַקי ניט געווען אימשטאַנד צו צאָהלען, ווען מיטגלידער פון דעם ראַיאָן־סאָוועט זיינען געקומען און איהם געזאָגט, אַז אויף איהם איז אַרויפגעלייגט געוואָרען אַ שטייער פון 60 טויזענד רובעל. ער האָט זיי דערקלערט די לאַגע. דער פלעמיאַניק, וועלכער איז אויך געווען דערביי, האָט זיך אַריינגעמישט. דאַן האָבען די שטייער־קלייבער אַריינגעקוקט אין אַ שטיקעל פּאַפּיר און געענטפערט:

— אויף אייך איז אויך אַרויפגעלייגט געוואָרען אַ שטייער פאַר 20 טויזענד רובעל. זייט אַזוי גוט און טוט אָן אייער מאַנטעל.

דאָס האָט געמיינט, אַז מען האָט איהם אַרעסטירט. דער פלעמיאַניק האָט דאַן געענטפערט, אַז ער האָט פינף טויזענד רובעל, וועלכע ער איז גרייט באַצאָהלען, אָבער מעהר קאָן ער ניט. וועט עס זיין גענוג?

— זעהר גוט, — האָט זיך אָנגערופען דער שטייער־זאַמלער. — ברייננ עס.

דער פלימעניק האָט עס געבראַכט.

— און איצטער טו אָן דיין רעקעל.

— אָבער איהר האָט דאָך געזאָגט, אַז עס וועט זיין גענוג, אויב איך וועל באַצאָהלען די פינף טויזענט רובעל!

— דאָס איז דער איינציגער וועג, ווי צו האַנדלען מיט אַזעלכע חברה־לייט, ווי איהר. מיר זעהען איין, אַז דיין פאַל איז אַ גאַנץ בעזונדערער, און מסתמא וועט מען דיך אַרויסלאָזען. אָבער דער סאָוועט האָט אונז געזאָגט איינצוזאַמלען דעם גאַנ־

צען שטייער, אָדער, אויב ניט, ברייגנען די יעניגע, וועלכע ענטזאגען זיך צו צאָהלען. און זיי האָבען באַשלאָסען, אַז אויב מיר קומען צוריק מיט גאָרנישט, וועלען מיר זעלבסט געהן אין חד־גדיא אריין. איהר קענט דאָך ניט ערוואַרטען, אַז מיר זאָלען געהן אין חד־גדיא אריין בלויז אויס רחמנות צו אייך. דעריבער טוט אָן אייער מאַנטעל, און קומט מיט אונז.

זיי זיינען געגאַנגען. אין די מיליציע־הויפּט־קוואַרטירען האָט מען זיי איינגעשפּאַרט אין אַ חדר מיט געגראַטעטע פענס־טער. דאָרטען זיינען איינגיכען איינגעשפּאַרט געוואָרען כמעט די גאַנצע איבעריגע גבירים פון שטעדטעל, וועלכע זיינען אַלע געווען מלא רציחה. אייניגע פון זיי זיינען געווען זעהר אין כעס אויף'ן אָנקעל, פאַרוואָס ער איז אַזאַ קאַלטער לונג־און־לעבער.

דער אָנקעל האָט זיך ניט געזאָרגט וועגען קיין זאַך אין דער וועלט, אויסער וועגען דער האַרבאַרניע און דער טשעמאָ־דאַן־פאַבריק, וועלכע האָבען נאָך געקענט שלעכט אָפּשניידען איצטער, אַז מירביידע זיינען איינגעשפּאַרט.

אַז די פּלוטאָקראַטיע פון דער שטאָדט איז געווען אַזוי פאַרשפּאַרט אין דעם קליינעם חדר'ל פון דעם מיליציאַ־הויז, זיינען זייערע ווייבער געקומען צו זיי, שרעקענדיג זיך צוערשט, און האָבען אָנגעהויבען פּלוידערען מיט זיי דורך די פענסטער. מיין באַקאַנטער, וועלכער איז נאָך אַ בחור, האָט געשיקט רו־פען צוויי אָדער דריי פון זיינע פריינד, כדי ער זאָל ניט זיין דער איינציגער, וועלכער האָט ניט מיט וועמען צו ריידען אין דרויסען.

דער געפּילדער איז געווען אַ גוואַלדיגער, און דער הויפּט פון דער מיליציע איז ענדליך אַרויסגעלאָפען אין גאַס, און אַרעסטירט איינע פון די פרויען. אָבער ער האָט זיך אָנגעהוי־בען צו פיהלען גאַנץ שלעכט, ווען די דאָזיגע פרוי האָט אַרונ־טערגענומען איהר וואַל, און ער האָט אין איהר דערקאָנט די באַלעבאָסטע פון דעם הויז, וואו ער איז איינגעקוואַרטירט געוואָרען אַלס אַ סאָלדאַט. ער האָט זי אויף גיך אָפּגעלאָזען. דער אויסעראָרדענטליכער פאַרלאַמענט פון די שטאָדט־גבירים

מיט זייערע פלוידערענדע ווייבער און פריינד אין דרויסען, ווי אַ סטאַיע וואָראָנעס, האָט אַזוי אָנגעהאַלטען ביז פאַרנאַכט.

אויף מאָרגען זיינען די אַרבייטער פון דער האַרבאַרניע געקומען אין דעם מיליציע־הויז, און האָבען ערקלערט, אַז דער אָנקעל האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַ מיטגליד פון דעם אייגענטימער קלאַס, אַז זיי נויטיגען זיך אין איהם אַלס דעם פרעזידענט פון דעם סאָוועט, און אַז זיי וועלען איינצאָהלען אַ העלפט פון דעם שטייער, וואָס איז ארויפגעלייגט געוואָרען אויף איהם, פון די פאַבריק־פאָנדען, אבי מען זאָל איהם באַ־פרייען.

דער אָנקעל האָט צוגויפגעקליבען דרייסיג טויזענט רובעל, די פאַבריק האָט בייגעשטייערט די איבעריגע דרייסיג טויזענט, און מען האָט איהם אַרויסגעלאָזען. ער האָט געקראָגען אַ צייג־ניס, אַז ער איז שוין ניט מעהר קיין עקספּלואַטאַטאָר, אָדער אייגענטימער, און אַז אין דער צוקונפט וועט ער דאַרפען צאָה־לען בלויז יענע שטייערען, ווי די איבעריגע אַרבייטער. דער פלימעניק איז אויך אַרויסגעלאָזען געוואָרען, אויפ׳ן גרונד, אַז ער איז נויטיג פאַר דער טשעמאָדאַן־פאַבריק.

איך האָב איהם געפרעגט, וואו האַלט עס איצטער.

ער האָט געענטפערט :

— ס׳איז גאַנץ גוט, נאָר דער אָנקעל זאָרגט זיך זעהר, וואָס די אַרבייטער רופען איהם אַלץ „באַלעבאָס". אויסער דעם פיהלט ער זיך זעהר גליקליך, ווייל איהם איז געלונגען אי־בערצוריידען די אַרבייטער, אַז זיי זאָלען אוועקלייגען אָן אַ זייט אַ גרויסען פּראָצענט פון די פּראָפיטען פאַר דער ווייטער־דיגער ענטוויקלונג פונ׳ם געשעפט, און פאַר דער אויפבויאונג פון אַ נייעם פליגעל צו דער האַרבאַרניע.

— אַרבייטען די לייטע ?

— וועל — האָט ער געזאָגט, — מיר האָבען געדיינקט צום ערשטען, אַז ווען די פאַבריק וועט זיך געפינען אין זייערע אייגענע הענט, וועלען זיי בעסער אַרבייטען, אָבער מיר דיינ־קען ניט, אַז זיי זאָלען עס טאָן. אַלענפאַלס, איז עס ניט קאַנטיג.

— ארבייטען זיי ערגער ?

— ניין, דאָס איז אויך ניט קאַנטיג.

איך האָב מיך באַמיהט אויסצוגעפונען זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען. לעצטען זומער האָט ער מיר געזאָגט, אַז די סאָוועטען־רעגירונג קאָן ניט עקזיסטירען מעהר, ווי נאָך צוויי אָדער דריי חדשים. ער האָט דאַן ארויסגעקוקט אויף איהר פאַלען. איצטער האָט ער זי ניט ליעב געהאַט פיעל מעהר, נאָר ער האָט זעהר ניט געוואָלט, אַז אַ קריעג זאָל זיך ווידער אָנ־פאַנגען אין רוסלאַנד און האָט זיך זעהר געשראָקען פאַר די וויטערדיגע אומאָרדנונגען, וואָס אַזא קריעג קאָן מיט זיך ברייננגען.

ער האָט זעהר שטאָלצירט מיט דעם, וואָס די טעריטאָריע פון דער רוסישער רעפּובליק קריגט ביסלעכווייז צוריק איהרע אַלטע גרענעצען.

— מען קאָן קיין סך ניט דערוואַרטען פון דער רויטער ארמיי, אָבער די אָרדנונג האַלט זי דאָך אויף אויסגעצייכענט, און איך קאָן מיר טאָן מיין ארבייט אומגעשטערט.

עס איז געוועזען גאַנץ קאָמיש צו הערען, ווי ער האָט אין איין אָטעם אונטערגעבורטשעט אויף דער רעוואָלוציע, און אין דעם צווייטען — האָט ער אויסגעדריקט אַ האָפנונג, אַז דער טומעל איז שוין אריבער, און קיין אומאָרדנונגען וועלען שוין ניט זיין.

וויסענדיג, אַז אין מאַנכע פלעצער אויף דער פּראָווינץ זיי־נען פאָרגעקומען עקסצעסען נאָך דעם פארזוך וואָס איז געמאַכט געוואָרען אויף לענינ'ס לעבען, האָב איך געפרעגט ווי אַזוי דער רויטער טעראָר האָט זיך ארויסגעוויזען ביי זיי.

ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— מיר זיינען אָפּגעקומען מיט גאָרנישט, — האָט ער געזאָגט. — אָט, וואָס עס האָט פאַסירט :

די אַלמנה פון איינעם אַ רייכען סוחר האָט געהאַט אַ שעה־נע הויז, מיט שעהנע לעפעל און גאָפּעל און גרויסע זאַפּאַסען פון אַלץ, און אַ ביסעלע צופיעל פון יעדער זאַך. צום ביי־שפּיעל, זי האָט געהאַט צוויי און צוואַנציג סאַמאָווארען פון

אַלערליי גרוים. אַן אמת'ע סוחר'ישע הויז. זיי האָבען געהאַט אַזוי פיעל טישטוכער, אַז זיי וואָלטען זיי ניט געברויכען אַלע, ווען אפילו זיי וואָלטען געלעבט ביז אַ הונדערט און צוואַנציג יאָהר.

— וועל, אין אַ שעהנעם טאָג אָנהויב לעצטען זומער האָט מען איהר געזאָגט, אַז זי מוז זיך אַרויסקלייבען, ווייל מען דאַרף איהר הויז. צוויי טעג נאָכאַנאַנד איז זי אַרומגעלאָפען אַהער און אַהין, באַמיהענדיג זיך אַרויסצודרעהען פון דעם. אַז זי האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז ס'העלפט ניט, האָט זי צונויפגעקלי־בען אַלע זאַכען, די סאַמאָווארען, די מעסערס און די גאָפּלען, און די טעלער און די טישטיכער, און די מאַנטלען (זי האָט גע־האַט איבער אַ טוץ פּעלצען), און האָט זיי אַריינגעלייגט אין איהרע בוידימער, וועלכע זי האָט פאַרמאַכט און פאַר'חתמ'עט. איהר איז אפילו געלונגען צו קריגען דעם פּאַרזיצענדען פונ'ם סאָוועט, אַז ער זאָל קומען און אַרויפלייגען זיין שטעמפּעל אויף. אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי פריינדליך, אַז ער האָט אפילו אַנידערגעשטעלט דאָרטען אַ שומר, וועלכער זאָל אַכטונג געבען, אַז דער שטעמפּעל זאָל ניט אַרונטערגעריסען ווערען.

דאַן איז פון מאָסקווע און פּעטראָגראַד אָנגעקומען די נייעס וועגען דעם רויטען טעראָר. דער אָרטיגער סאָוועט האָט אָפּגעהאַלטען אַ מיטינג און באַשלאָסען, אַז עפּעס דאַרף ער טאָן. זייענדיג אין צו גוטע באַציהונגען מיט אונז אַלעמען, כדי צו טאָן אונז עפּעס שלעכטעס, האָט זיך דער סאָוועט פּלוצ־לונג דערמאָנט אָן דער אָרימער מאַריאַ ניקאָלאַיעווּנאַ'ס בוי־דעמס!

זיי האָבען אָפּגעבראָכען די שטעמפּלען און אַרויסגעוואָר־פען אַלע קיך־מכשירים: די מעסער, לעפעל און גאָפּלען, טע־לער, מעבעל, די צוויי און צוואַנציג סאַמאָווארען און די אויי־בערמאַנטלען, עס אַלץ צוועקגעשלעפּט אין דעם סאָוועט אַריין, און עס ערקלערט פאַר נאַציאָנאַלע אייגענטום!

נאַציאָנאַלער אייגענטום! און אין אַ וואָך־צוויי אַרום שפּעטער איז ביי אַ טאָכטער פון אַ סאָוועט־מיטגליד פאָרגעקו־מען אַ חתונה. די מעסער־גאָפּעל האָבען זיך געפונען אויפ'ן

טיש, און דאָרטען זיינען געווען גענוג סאמאָווארען צו מאַכען טיי פאר הונדערט מענשען!

## א טעאָרעטיקער פון דער רעוואָלוציע.

דעם דרייצעהנטען פעברואר.

נאָכ'ן נעכטיגען געשפרעך מיט א קאפיטאליסטישען קרבן פון דער רעוואָלוציע, וועל איך דאָ געבן, צוליעב'ן קאָנטראַסט, באַשרייבען א געשפרעך מיט איינעם פון די הויפּט־טעאָרעטיקער פון דער רעוואָלוציע. דער טשעמאָדאַן־פאַבריקאַנט האָט אילוסטרירט, ווי די רעוואָלוציע ווירקט אויף אַן איינצעלנעם. אָבער דער רעוואָלוציאָנערער טעאָרעטיקער האָט ניט געקאָנט נעמען אין אָנבאַטראַכט עמיצען אַנדערש, אָדער אפילו זיינע אייגענע אינטערעסען. ער טראַכט בלויז אין דער שפּראַך פון גרויסע באַוועגונגען, אין וועלכע די ערפאַהרונגען פון אַן איינצעלנעם האָבען בלויז דעם באַדייט ווי די ערפאַהרונגען פון א י י ן מילב צווישען טויזענד.

ב ו כ א ר י ן, א מיטגליד פון דער אַלטער עקאָנאָמישער געזעלשאַפט אין ב ע ר ל י ן, א פייערדיגער געגנער פונ'ם ברעסט ליטאָווסקער פריעדען, רעדאַקטאָר פון דער „פראַוודאַ“, אויטאָר פון א סך ביכער איבער עקאָנאָמישע און רעוואָלוציאָנערע פראַגען, און אונערמידליכער טעאָרעטיקער, האָט מיך געפונען זיצענדיג ביי א טישעל אין דעם מ ע ט ר אָ פּ אָ ל, טרינקענדיג טיי.

איך האָב אָקאָרשט געהאַט געקויפט א קאָפּיע פון אַ זשורנאַל, אין וועלכען עס האָט זיך געפונען א וועלט־מאַפּע, אין וועלכער כמעט גאַנץ אייראָפּאַ איז געווען געצייכענט אין רויט, אָדער ראָז, פאר א ווירקליכער אָדער מעגליכער רעוואָלוציע. איך האָב עס באַוויזען ב ו כ א ר י נ'ע ן און געזאָגט:

— עס דאַרף אייך ניט איבערראַשען, וואָס אין אויסלאַנד רעדט מען וועגען אייך, ווי וועגען די נייע אימפּעריאַליסטען.

ב ו כ א ר י ן האָט גענומען די מאַפּע און אויף איהר א קוק געגעבען:

— אידיאָטיזם, פּשוט'ער אידיאָטיזם! — האָט ער אויס־נערופען. — אין דער זעלבער צייט, — האָט ער ווייטער גע־זאָגט — גלויב איך אָבער, אז מיר זיינען אריינגעטראָטען אין א רעוואָלוציאָנערע פּעריאָדע, וועלכע וועט מעגליך געדויערען ארום פופציג יאָהר, איידער די רעוואָלוציע איז זיעגרייך אין גאַנץ איירָאָפּאַ, און ענדליך — אין דער גאַנצער וועלט.

נו, ביי מיר איז דאָ א באַליעבטע טעאָריע, וועלכע איך וויקעל פאַנאַנדער פאַר אַלערליי סאָרטען רעוואָלוציאָנערען, געוועהנליך זיינען די רעזולטאַטען זעהר אינטערעסאַנט.

איך האָב זי אויך אויסגעפּרובירט אויף בוכאַרינ'ען.

איך האָב געזאָגט:

— איהר, רעוואָלוציאָנערען, זאָגט אַלעמאָל, אז אין ענג־לאַנד וועט פאָרקומען א רעוואָלוציע. האָט איהר קיינמאָל ניט א טראַכט געטאָן וועגען דעם, אז ענגלאַנד איז א פאַבריק און ניט קיין שייער, אזוי, אז אין פאַל פון א רעוואָלוציע וועלען מיר באַלד אָפּגעשניטען ווערען פון אַלע שפּייז־פּראָדוקטען. לויט אייערע אייגענע טעאָריעס, וועט זיך דער ענגלישער קאַ־פּיטאַל פאַראייניגען מיט'ן אַמעריקאַנישען קאַפּיטאַל, און שוין זעהן, אז אין זעקס וואָכען צייט זאָל די רעוואָלוציע ניט האָ־בען וואָס צו עסען. ענגלאַנד איז ניט דאָסזעלבע וואָס רוס־לאַנד, וואו איהר קענט זיך, אויף אזא אָדער אַן אַנדער אופן, אַליין שפּייזען, פּשוט — געהענדיג אין יענע מקומות אין איי־ער לאַנד, וואו שפּייז געפינט זיך. אָבער ענגלאַנד וואָלט אין זעקס וואָכען צייט אויסגעהונגערט געוואָרען, און א רעאַקציע וואָלט ענטשטאַנען. איך בין געניגט צו גלויבען, אז א רע־וואָלוציע אין ענגלאַנד וואָלט ברייננען רוסלאַנד מעהר שאַדען, איידער גוטס.

ב ו כ אַ ר י ן האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— איהר אַלטער קאָנטר־רעוואָלוציאָנער! — האָט ער אויסגערופען. — דאָס אַלץ איז טאַקע אמת, אָבער איהר מוזט זעהן ווייטער. איהר זייט גערעכט אינ'ם אַלגעמיינעם. אויב די רעוואָלוציע וועט זיך פאַרשפּרייטען אין איירָאָפּאַ, וועט

אַמעריקאַ אויפהערען צו שיקען שפּייז. אָבער ארום יענער צייט וועלען מיר שוין קריגען שפּייז פון סיביר.

— וועט די אָרימע סיבירער אייזענבאהן שפּייזען רוס־לאַנד, דייטשלאַנד און ענגלאַנד?

— ארום יענער צייט, וועט פּ י ש אַ ן און זיינע פריינד שוין האָבען אוועקגעגאַנגען. דאַן וועט פראַנקרייך אויך קענען ליפערען שפּייז־פּראָדוקטען. אָבער איהר דאַרפט ניט פארגעסען, אז עס זיינען נאָך דאָ קאָרן־פעלדער אין אונגארן און אין רומעניען. אזוי שנעל ווי דער ברודער־קריעג וועט זיך ענדיגען אין אייראָפּאַ, וועט זי זיין אימשטאַנד זיך זעלבסט צו שפּייזען. מיט דער הילף פון די דייטשע און ענגלישע אינזשינירען וועלען מיר שנעל קאָנען פארוואנדלען רוסלאַנד אין אַ ווירקזאַמער תבואה־צושטעלערין פאַר אַלע ארבייטער־רעפּובליקען פונ׳ם קאָנטינענט. נאָר אפילו דעמאָלסט וועלען מיר ערשט זיין בייםַ אָנהויב פון אונזער אויפגאַבע. ווייל אין דעם מאָמענט, וואָס אין ענגלאַנד וועט אויסברעכען אַ רעוואָלוציע, וועלען זיך איהרע קאָלאָניעס אריינוואַרפען אין אַמעריקאַ׳ס אָרעמס. דאַן וועט קומען אַמעריקאַ׳ס רייהע, און עס איז זעהר וואהרשיינליך, אז צום סאַמע ענד וועלען מיר זיך דאַרפען אַלע פאראייניגען, כדי מיט געמיינזאַמע כחות צוצוברעכען די לעצטע פעסטונג פונ׳ם קאַפּיטאַליזם אין ערגעץ אַ בורזשואַזער רעפּובליק פון דרום־אַפריקאַ. איך קען מיר זעהר גוט פאָרשטעלען — האָט ב ו־כ אַ ר י ן ווייטער געזאָגט, און זיינע קליינע ליכטיגע אויגען האָבען געקוקט ווייט דורך די ווענט פונ׳ם טונקעלען עס־צימער — אז די ארבייטער־רעפּובליקען פון אייראָפּאַ זאָל אויסקומען אָנצופיהרען אַ פארקערטע קאָלאָניאַל־פּאָליטיק. פּונקט ווי איצטער נעמט איהר איין הינטערשטעליגע ראַסען, כדי צו עקספּלואַטירען זיי, אזוי וועט אייך אין דער צוקונפט אויסקומען צו באַזיעגען די קאָלאָניסטען, כדי אוועקצונעמען די עקס־פּלואַטאַציאָנס־מיטלען. עס איז דאָ בלויז איין זאַך, פאַר וועלכע איך האָב מורא.

— און וואָס איז עס?

— איך שרעק מיך מאַנכעסמאָל, צו דער קאַמף וועט זיין

אזא ביטערער און אזא לאַנג־דויערענדער, אז די גאַנצע אייראָפּעאישע קולטור וועט נאָך צוטראָטען ווערען אונטער די פיס.

---

איך האָב געטראַכט וועגען דעם נעכטיגען טשעמאָדאַן־פאַבריקאַנט, איינער פון טויזענטער, וועלכע פיהלען אויף זיך גופא די שרעקליכע רעזולטאַטען, די איבערקעהרעניש און די איבערשעצינג פון אַלע ביזהעריגע ווערטען, וואָס רעוואָלוציע, אפילו אָהן בלוט־פארגיסעניש און טויט, מיינט פאַר דעם געוועהנליכען מענשען. זייענדיג אפשר אביסעלע אַ טרוס, האָב איך געענדיגט מיין טיי־טרינקען אין אַ שטיל־שווייגעניש.

## די רעזולטאַטען פון אָפּזונדערונג.

דעם פּערצעהנטען פעברואר.

איך האָב געהאַט זעהר אַ טרויעריגען געשפּרעך מיט מ ע ש ט ש ע ר י א ק אָ ו ו ׳ ן ביים מיטאָג־מאָלצייט. ער איז אַן אַלטער סיבירער ארויסגעשיקטער, וועלכער האָט לעצטען זומער באַזוכט ענגלאַנד. ער רעדאַגירט אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל אין מאָסקווע, וועלכער האָט הויפּטזעכליך צו טאָן מיט רעקאָנסטרוקציאָן־פּראָבלעמען. אויסערדעם, טוט ער אַ סך אויפקלערונגס־ארבייט צווישען די ארבייטען־מאַסען.

ער איז אינגאַנצען ארומגענומען מיט אַ גרויסער שרעק איבער דער עקאָנאָמישער לאַגע פונ׳ם לאַנד. ער דיינקט, אַז די ארויפגעצוואונגענע אָפּזונדערונג טרייבט רוסלאַנד צוריק צו אַ פּרימיטיווען שטאַאט.

— מיר קאָנען פּשוט גאָרנישט ניט קריגען. צום ביישפּיעל, איך האַלט לעקציעס איבער מאַטעמאַטיקע. איך האָב מעהר תּלמידים, ווי מיט וויפיעל איך קען לערנען. זיי זיינען אַזוי דורשטיג נאָך וויסען, ווי שוואָמען נאָך וואַסער. אָבער אָבער איך קען פאַר זיי ניט קריגען די איינפאַכסטע טעקסט־ביכער. איך קען אפילו ניט געפינען אין די סעקאָנד־הענדיגע ביכער־געשעפטען אַן אַלטען לעהרבוך פון מאַטעמאַטיקע, פון וועלכען איך וואָלט אַליין געקאָנט צוגרייטען פאַר זיי עטליכע

קאַפּיעס. איך מוז לערנען, ווי אַ לעהרער פון'ם מיטעלאַלטער פּלעגט טאָן. אָבער, פּונקט ווי ער, האָב איך תלמידים, וועלכע זיינען הונגעריג פאַר וויסען.

— אין אַ דריי יאָהר ארום — האָט זיך נאָך איינער ביים טיש אָפּגערופען — וועלען מיר וואוינען אין חורבות. די הייזער אין מאָסקווע פּלעגען אַלעמאָל זיין גוט געהייצט. דער טראַנספּאָרט מאַנגעל האָט געבראַכט מיט זיך אויך אַ מאַנגעל אין הייץ־מאַטעריאַל, און אין טויזענטער הייזער האָבען גע־פּלאַצט די וואַסער־רעהרען. מיר קענען ניט קריגען דעם נויטיגען שטאָף אויף פאַרריכטען זיי. פּונקט אַזוי קאָנען מיר אויך ניט קריגען קיינע פאַרבען פאַר די ווענט, און זיי פוילען דעריבער אַוועק. אין אַ דריי יאָהר ארום וועלען די מאָסקווער הייזער שטיקלעכווייז צופאַלען איבער אונז.

נאָך איינער האָט זיך אריינגעמישט אין דעם געשפּרעך מיט אַ שפּאַס:

— אין צעהן יאָהר ארום וועלען מיר ארומלויפען אויף אַלע פיער.

— און אין צוואַנציג יאָהר ארום וועלען ביי אונז אָנהויבען וואַקסען עקען.

מעשטשעריאַקאָוו האָט געענדיגט זיין זופּ און אנידערגעלייגט זיין הילצערנע לעפעל.

— די דאָזיגע אַלע זאַכען האָבען נאָך אַן אַנדער זייט — האָט ער זיך אָפּגערופען. — אין רוסלאַנד, ווען אפילו די בלאַקאָדע וועט נאָך אָנהאַלטען, וועלען מיר אַלץ איינאָרדנען גיכער, ווי אומעטום, ווייל מיר האָבען דעם נויטיגען רויהען מאַטעריאַל אין אונזער אייגענעם לאַנד. ביי אונז איז עס בלויז אַ פראַגע פון טראַנספּאָרט־מיטלען און דאָס אויך — טראַנספּאָטירונג אין די גרעניצען פון אונזער אייגען לאַנד. איך בין איבערצייגט, אַז אין עטליכע יאָהר ארום, ניט קוקענדיג אויף אַלע כחות, וועלכע ארבייטען קעגען אונז, וועט אין רוסלאַנד זיין אַ סך בעסער צו לעבען, ווי אין אירגענד אַנדערען לאַנד אין אייראָפּאַ. נאָר דערווייל דאַרפען מיר דורכמאַכען אַ שלעכטע צייט, און ניט בלויז מיר. אין די מערב לענדער באַמערקט

מען נאָך קוים די רעזולטאַטען פונ'ם קריעגס־חורבן, אָבער מען ו ו ע ט באַמערקען. פאַר דער מענשהייט שטעהט פאָר א לאַנגע פעריאָדע פון ליידען..."

— ב ו כ א ר י ן זאָגט, אז פופציג יאָהר — האָב איך מיך אָפּגערופען, האָבענדיג אין זינען מיין נעכטיגען געשפּרעך.

— אפשר. איך דיינק, אז ווייניגער. אָבער די רעוואָלוציע וועט זיך אָפּרופען א סך ערגער אויף אייך, מערב־אייראָפּעאישע פעלקער, ווי זי האָט זיך אָפּגערופען אויף אונז. אין מערב, אויב א רעוואָלוציע וועט פאָרקומען, וועלען זיי גלייך אויפ'ן אָרט געברויכען ארטילעריע, און אָפּמעקען גאַנצע קווארטאַלען. די רעגירענדע קלאַסען אינ'ם מערב זיינען אָרגאַניזירט און איינגעשפּאַרט, וואָס אונזערע היימיש־געבאַקענע קאַפּיטאַליסטען זיינען קיינמאָל ניט געווען. די אויטאָקראַטיע אונזערע האָט זיי קיינמאָל ניט ערלויבט צו אָרגאַניזירען זיך און דעריבער, אזוי שנעל, ווי די אויטאָקראַטיע זעלבסט איז אַנידערגעפאַלען, איז אונזער אויפגאַבע געווען פאַרהעלטניסמעסיג לייכט. גאָרניט איז אונז געשטאַנען אין וועג. אין דייטשלאַנד וועט עס אָבער זיין גאָר אַנדערש.

## אַן אווענט אין דער אָפּערא.

אין א צייטונג האָב איך געלייענט, אז א מיטגליד פון דער אַמעריקאַנער קאָמיסיע אין בערלין האָט געדרונגען פון דעם פאַקט, וואָס די דייטשען פאַקען אָן אַלע טעאַטערען און פאָרשטעלונגען, אז מסתמא קאָנען זיי ניט זיין אזוי הונגעריג.

עס קאָן ניט זיין קיין שום פראַגע וועגען דעם הונגער אין מאָסקווע, אָבער די טעאַטערס זיינען געפּאַקט. די נאָכפראַגע נאָך פּלעצער איז אזוי שטאַרק, אז ספּעקולאַנטאָרס קויפען אָן בילעטען אויפ'ן געוועהנליכען געזעצליכען אופן און פארקויפען זיי דערנאָך אומגעזעצליך, לעבען די טעאַטער־טירען, רעכענענדיג, פאַרשטעהט זיך, צוויי מאָל אזוי פיעל.

דער אינטערעס אינ'ם טעאַטער, וועלכער איז אַלעמאָל געווען שטאַרק אין מאָסקווע, האָט זיך, שיינט מיר, גיכער פאַר־

גרעסערט, איידער פאַרקלענערט. עס עקזיסטירט אַ טעאַטער־שולע, וואו לעקציעס ווערען געגעבען איבער יעדען געגענשטאַנד, וואָס איז פאַרבונדען מיט דער ביהנע, אָנהויבענדיג פון סטיידזש־קאַרפּענטעריי און העכער. אַ טעאַטער־בולעטין ווערט ארויסגעגעבען דריי מאָל אַ וואָך, אין וועלכען עס געפינען זיך די פּראָגראַמען פון אַלע טעאַטערס און אויך ארטיקלען איבער טעאַטער־פראַגען.

אין שטאָקהאָלם האָט מען מיר געזאָגט, אַז די מאָסקווער טעאַטערס זיינען צוגעשלאָסען. דאָס פאָלגענדע איז אַ אומפאָלשטענדיגע ליסטע פון אַלע פּיעסען און פאָרשטעלונגען, וועלכע מען האָט געקאָנט זעהן אין די פאַרשידענע מאָסקווער טעאַטערן דעם דרייצעהנטען און דעם פערצעהנטען פעברואַר. די ליסטע איז קאָפּירט געוואָרען פון דעם טעאַטער־בולעטין פון די דאָזיגע דאַטען. פּונקט ווי עס וואָלט געוועזען אינטערעסאַנט צו וויסען, מיט וואָס פאַר אַ שפּילען עס האָבען זיך פאַרוויילט די פראַנצויזען אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, פּונקט אזוי, דיינק איך, לוינט זיך פאַר אונז צו פאַראייביגען דעם כאַראַקטער פון די פאַרוויילונגען, וועלכע זיינען איצט פּאָפּולער אין מאָסקווע.

אָפּערא אין דעם גרויסען טעאַטער. — סאַדקאָ, פון רימסקי - קארסאקאוו, און „שמשון און דלילה“ פון סענט־סענס.

דער קליינער רעגירונגס־טעאַטער. — „בעשעני דיענגי“ פון אסטראָווסקי'ן און „סטאַריק“ פון גאָרקי'ן.

מאָסקווער קונסט־טעאַטער — „די גריל אין אויווען“ פון דיקענס, און סאַלטיקאָוו־שצעדרינ'ס „פּאַזוכינ'ס טויט“.

אָפּערא. — „סעלאָ סטעפּאַנטשקאָ“ און „קאַפּעליאַ“

פאָלקס־טעאַטער. — „דובראָווסקי“ פון נאַפּראַווניק, און „דעמאָן“ פון רובינשטיינ'ען.

זאַמאָסקוואָרעצקי טעאַטער. — „גראַזאַ“ פון אָסטראָווסקי און „מעשטשאַנע“ פון גאָרקי.

פּאָפּולערע טעאַטער. — „דער נס פונ'ם הייליגען אַנטאָני“ פון מאָרים מעטערלינק.

קאַמיסאַרזשעווסקאַיאַ טעאַטער. — „איי קריסטמעס קעראָל" פון דיקענס, און „דער פארשאָלטענער פּרינץ" פון רעמיזאָוו.

קארש טעאַטער. — „אַ סך טומעל איבער גאָרנישט" פון שקעספּיער, און „דער מיזאַנטראָפּ" און „זשאָרזש דאַנדין" פון מאָליער.

דראַמאַטישער טעאַטער. — „אַלעקסאַנדער דער ערשטער" פון מערזשעקאָווסקי.

דראַמע און קאָמעדיע־טעאַטער. — „ליטל דאָרריט" פון דיקענס, און „דעם קעניג'ס באַרבער" פון לונאַטשאַרסקי.

אויסער די אויבענדערמאָנטע, שפּילט מען אין אַנדערע טעאַטערען ק. ר'.ן (קאָנסטאַנטין ראָמאַנאָוו), אָסטראָווסקי'ן, פּאַטאַפּענקאָ'ן, וויניטשענקאָ'ן, א. אַ. וו. די צוויי סטודיאָס פון דעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער האָבען געשפּילט „ראָזמערס־האָלם" און אַ רעפּערטואַר פון קורצע פּיעסען. מאַנכעסמאָל, פּונקט ווי די קונסט־טעאַטער געזעלשאַפט, שפּילען זיי אין די פאָרשטאָדט־טעאַטערס, ווען זייערע באַשטענדיגע טעאַטערס זיינען פאַרנומען.

איך בין אַוועק זעהן סען־סענס, „שמשון און דלילה" און גרויסען רעגירונגס־טעאַטער. איך האָב געהאַט אַ לאָזשע־פּלאַץ נאָהענט איבער'ן אָרקעסטראַ. פון דאַנען האָב איך געקענט זעהן אויסגעצייכענט אי די ביהנע, אי דעם שוי־זאַל. דעם שוי־זאַל האָב איך אַפילו געקענט זעהן בעסער, ווי די ביהנע. אָבער דאָס איז געווען, ווי געוואונשען, ווייל איך בין דאָך טאַקי געקומען זעהן דעם פּובליקום.

דער פּובליקום האָט זיך זעהר אַ סך געענדערט זינט דער רעוואָלוציאָן. די מאָסקווער פּלוטאָקראַטיע, די פּליכעוואַטע סוחרים און זייערע פעטע ווייבער באַהאַנגען מיט דימענטען, זיינען שוין ניט געווען דאָ. צוזאַמען מיט זיי זיינען אויך פאַרשוואונדען די שוואַרצע פּראַקען און די ווייסע מאַנישקעס. די גאַנצע אוידיענץ איז געווען אָנגעטאָן אין געוועהנליכע וואָכעדיגע קליידער. דעם איינציגען קאָנטראַסט האָבען פאַרגעשטעלט אַ קליינע גרופּע טאָטערקעס, וועלכע האָבען געטראָגען

ווייסע שאַלען איבער זייערע קעפּ, אויפ'ן טאַטערישען שטייגער.

דאָ זיינען געווען א סך סאָלדאַטען, און א סך מענשען, וועלכע זיינען, ווייזט אויס, געקומען גלייך פון דער ארבייט. עס האָבען זיך געזעהן א סך ברוינע און גרויע וואָלענע סוועטערס. מען איז געזעסען אין אויבערמאַנטלען פון יעדען סאָרט, ווייל אין טעאַטער איז געווען קאַלט. (דאָס האָט זיך גענומען, פאַר־שטעהט זיך, פון א מאַנגעל אין הייץ־מאַטעריאַל. אויב דאָס זאָל אָנהאַלטען, קאָן דאָס נאָך פיהרען צו א צייטוויילינגען פאַר־מאַכען פון די טעאַטערען, ווייל עס וועט ניט זיין גענוג עלעק־טריציטעט פאַר זייער באַלייכטונג).

די מוזיקאַנטען זיינען אויך געווען אָנגעטאָן אויף די פאַר־שיידענסטע אופנים. די גרעסטע צאָהל האָט הפּנים געדיענט אין די מיליטער־אָרקעסטרעס, ווייל זיי האָבען נאָך געטראָגען די סאָלדאַטסקע קורטקעס. די איבעריגע קליידער זייערע זיי־נען געווען פון אַלע פאַסאָנען און קאָלירען. דער דיריגענט אַליין האָט געטראָגען א שווארצען פראַק, און ער האָט אויסגע־זעהן ווי א מענש פון אן אנדער וועלט.

איך האָב מיך גוט איינגעקוקט אין דעם פּובליקום. דער געהירען און דער שכל, האָב איך באַשלאָסען, האָבען זיך ארוי־בערגעקליבען פון דער גאַלערייע אינ'ם פּאַרקעט (אָרקעסטרא) אריין. דיזעלביגע מענשען, וועלכע האָבען אין די אַלטע טעג געקליבען א קאָפּיקע צו א קאָפּיקע און זיינען געווען איבער־גליקליך צו קענען קריגען א פּלאַץ לעבען דער סטעליע, זיינען איצטער געזעסען אויף די פּלעצער, וועלכע זיינען פריהער גע־ווען פאַרנומען פון לייטע, וועלכע זיינען בלויז געקומען פאַר־דרייען א גוטען מאָלצייט. באַטראַכטענדיג די פאַרשיידענע פּנים'ער, איז מיר איינגעפאַלען, אז קיין איינציגער פון זיי האָט ניט געהאַט אין זיך קיין סימן פון א גוטען מאָלצייט צו פאַר־דרייען. וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער זייער אינטערעס אין די פאַר־שטעלונגען, קאָן איך מיר קוים פאָרשטעלען א פּובליקום, פאַר וועמען עס וואָלט זיך מעהר געלוינט צו שפּיעלען, פון דעם שוי־שפּיעלערישען שטאַנדפּונקט. די אַפּלאָדיסמענטען, אזוי גוט

ווי דער געהירן, האָבען זיך אַרונטערגעקליבען פון די גאַלע־רעיעס.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם שפּיעלען גופא, האָב איך ווייניג וואָס צו זאָגען. די לײדיגע מאַגענס און די טראַגטעס זיינען ווייניג אָנגעגאַנגען דעם עולם. ה ע ל צ ע ר, די באַלערינא האָט געטאַנצט פאַר דער איצטיגער אוידיענץ אַזוי גוט, ווי פאַר דער בורזשואַזיע.

ווען איך האָב אָנגעשטעלט מיין קאָלנער, האָב איך גע־טראַכט, אַז די שוישפּיעלער האָבען כשר פאַרדיענט די גאַנצע אַפּלאָדיסמענטען, וואָס זיי האָבען געקראָגען, ווייל זיי זיינען געווען העלדען צו שפּיעלען אין אַזא קעלט. דורכ׳ן גאַנצען אָווענט פלעגט מיר אַלע ווײלע איינפאַלען די אונרעאַליטעט פון אָפּערא אין אַלגעמיין. אפשר איז עס געווען מחמת דעם גוואַל־דיגען קאָנטראַסט צווישען דער גרויסאַרטיגער פּראַכט פון דער ביהנע און דער אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער אוידיענץ. אָבער, פון דער צווייטער זייט, פלעגט זיך מיר אַלע ווײלע אויס־דוכטען, אַז די ביהנע און דער פּובליקום זיינען דאָ איינס. מחמת „שמשון און דלילה" זעלבסט איז אַ פּאָעמע פון דער רע־וואָלוציע. דאָס שפּיעלען האָט נאָך אַ סך געוואונען פון דעם אומשטאַנד, וואָס יעדער איינער פון די שוישפּיעלער האָט גע־זעהן עפּעס ענליכעס אין דעם ווירקליכען לעבען, בשעת דער רוסישער רעוואָלוציע. שמשון׳ס קאַמף־רוף צו די אידען האָט מיך דערמאָנט אָן ענליכע סצענעס אין פּעטראָגראַד אין 1917. און ווען ער וואַרפט ענדליך אום דעם טעמפּעל אויף זיינע טרי־אומפירענדע פיינד, האָט עס מיך דערמאָנט אָן די ווערטער, וועלכע מען שרייבט צו ט ר אָ צ ק י ׳ ן:

— ווען אפילו מיר וועלען סוף כל סוף זיי געצוואונגען אָוועקצוגעהן פון דאַנען, וועלען מיר פאַרמאַכען די טיר הינטער זיך מיט אַזא קלאַפּ, אַז דער עכאָ פון דעם וועט אָפּקלינגען איבער דער גאַנצער וועלט.

ווען איך בין שפּעטער געגאַנגען אַהיים איבער׳ן שניי, האָב איך ניט געזעהן קיין איינציגען באַוואָפּענטען מענשען. מיט אַ יאָהר צוריק זיינען די גאַסען געווען פּוסט נאָך צעהן אַזייגער

ביינאכט, אויסער סיידען אזעלכע ווי איך, וועלכע האָבען גע־האָט עפּעס אַן אַרבייט צו טאָן, אָדער האָבען געמוזט געהן צו אַ שפּעט־נאַכטיגען מיטינג. די גאַסען פּלעגען זיין פּוסט, אויסער די פּאַטרולען ארום זייערע פּאַנאַנדערגעלייגטע פייערס. איצטער זיינען די גאַסען געווען געפּאַקט מיט פּוסגעהער, וועלכע האָבען זיך אומגעקערט אהיים פון די טעאַטערס. זיי האָבען אינגאַנצען פּאַרגעסען, אַז בלויז מיט אַ יאָהר צוריק האָבען זיי געטראַכט, אַז עס איז גאַנץ אומזיכער צו געהן איבער די מאָסקווער גאַסען, ווען עס ווערט פינסטער. עס קען ניט זיין קיין שום ספק: די רעוואָלוציע סטאַלירט זיך איין, און די מענשען טראַכטען איצטער וועגען אַנדערע זאַכען, ווי וועגען דער פראַגע:

— וועט עס געדויערען איין וואָך אָדער צוויי?

## דער קאָמיטעט פון רעגירונגס קאָנסטרוקציעס.

איך האָב מיך צונויפגערעדט מיט פּ אָ ו ו ל אָ ו י ט ש'ן, פאָרזיצענדער פונ'ם קאָמיטעט פון רעגירונגס־קאָנסטרוקציעס, צו זעהן זיך אין אַ באַשטימטער צייט. איך בין איצט געגאַנגען איהם זעהן.

עס איז געווען אַ פרעהליכער פריהמאָרגען. די גאַסען זיינען געווען געפּאַקט. ווען איך בין דורכגעגאַנגען דורך דעם טויער אינ'ם ר ו י ט ע ן ס ק ו ו ע ר האָב איך דערזעהן דעם געוועהנליכען עולם פויערטעס ביי דער קליינער קירכעלע פון דער א י ב ע ר י ש ע ר י ו נ ג פ ר ו י. דאָרט האָבען זעברענט ליכט. אויף דער וואַנט פון דער אַלטער אופראַווע האָט עמיצער, ווייזט אויס, אַ פאַנאַטישער אַגנאָסטיקער, אָנגעקלעפּט אַ ווייסע אויפשריפט אויף אַ ברעטעל: „רעליגיע איז אַן אָפּיום פאַר'ן פאָלק".

דאָס ברעטעל איז גאַנץ ענהליך צו די געוועהנליכע ראַמען, אין וועלכע עס ווערען איינגעפאַסט הייליגע בילדער און איקאָנעס. איך האָב געזעהן, ווי אַן אַלטער פויער, וועלכער האָט מסתמא ניט געקענט לייענען, האָט זיך פריהער איבערגע־

צלמ'ט פרום אין דער קירכעלע, און דערנאָך, פאַרקירעווענדיג זיך לינקס, האָט ער זיך פונקט אַזוי פרום איבערגע'צלמ'ט פאַר דער דאָזיגער אַנטי־רעליגיעזער אויפשריפט.

עס איז דאָ אַם פּלאַץ צו באַמערקען, אַז דער נייער קאָמוניסטישער פּראָגראַם, כאָטש ער באַשטעהט אויף דער פאַנאַנדערטיילונג פון קירך און שטאַאַט, קירך און שולע, ענטהאַלט אין זיך אַ באַזונדערען זאַץ, אַז „באַזונדערע פּאָרזיכט מוז גענומען ווערען, כדי ניט צו פאַרלעצען די געפיהלען פון די פרומע און גלויביגע". די קירכען און קאַפּעלען זיינען אָפען, ווי פריהער. קירכען־פּראָצעסיעס קומען פאָר, און מ אָ ס ק ו ו ע איז נאָך אַלץ די שטאָדט פון קירכען־גלאָקען, ווי אין די אַלטע צייטען.

איבער'ן סקווער האָט זיך געשלעפּט אַ לאַנגע רייהע שליטענס מיט זעק מעהל. סאָלדאַטען פון דער רויטער אַרמיי האָבען זיך אומגעקערט פון אַ פּאַראַד, אַ סך ספּריטנערע ווי די סאָלדאַטען פון אַ זעקס חדשים צוריק. אַ ליכטיגער קלאָרער הימעל איז געהאַנגען איבער דעם פאַנטאַסטישען קאַטעדראַל פון דעם הייליגען ו ו אַ ס י ל. די איינפאַכע קברים אונטער די קרעמלין־ווענט, וואו עס זיינען באַגראָבען געוואָרען די יעניגע, וועלכע זיינען געפאַלען אין די שלאַכטען פון דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע, זיינען געווען פאַרפּוצט. אַרום דעם טויער פונ'ם קרעמלין האָט זיך געזעהן אַ רעשטאָוואַציע. דער טויער איז עטוואָס צובראָכען געוואָרען אין יענער צייט, און ווערט איצטער פאָרזיכטיג פאַרריכט.

דער קאָמיטעט פון רעגירונגס־געביידעס איז געגרינדעט געוואָרען לעצטען פריהלינג, כדי צו קאָאָרדינירען די פאַרוואַלטונג פון די פאַרשיידענע אינזשיניר־ און געבוי־אַרבייטען, וועלכע זיינען ביז דאַן אָנגעפיהרט געוואָרען פון אומאָפּהענגיגע דעפּאַרטאַמענטען. אין מיטען זומער איז דער קאָמיטעט געוואָרען אַן אומאָפּהענגיגער אָרגאַן מיט זיינע אייגענע פינאַנצען. זיינע הויפּטקוואַרטירען געפינען זיך אין נ י ק אָ ל אַ־ י ע ו ו ס ק אַ י אַ, אין דער מאָסקווער טשיינאַ־טאַון, אין שכנה'שאַפט מיט דער אַלטער געביידע פון דער אַנגלאָ־רוסי־

שער האנדעלס־געזעלשאפט, וועלכע איז נאָך געגרינדעט געוואָ־
רען אין דעם זיבצעהנטען יאָהרהונדערט.

פ א ו ו ל אָ ו ו י ט ש איז א נידעריגער, פעטער, באַ־
ברילענטער מענש, מיט א פליך און א קליינער רויטליכער
באָרד. ער איז געווען אָנגעטאָן אין א שווארצען לעדערנעם
מאנטעל און הויזען. ער האָט זיך באקלאָגט, אז אלע זיינע
אינזשינירען־פלענער, כדי צו פארגרעסערען די פראָדוקציאָנס־
מעגליכקייטען פונ'ם לאנד, מוזען ווערען צו גאָרנישט מחמת
דער מלחמה.

פאר דער רעוואָלוציע האָט ער געלעבט אין פראנקרייך,
אלס א פאָליטישער עמיגראנט און, ווי ער דערצעהלט, האָט ער
דאָרטען געזעהן, ווי פראנקרייך האָט געהאלטען מלחמה.

—מען האָט איהר געשיקט לאָקאָמאָטיווען, — און רעל־
סען, אויף וועלכע די לאָקאָמאָטיווען זאָלען קענען פאָהרען. מען
האָט איהר געשיקט אלץ, וואָס זי האָט בעדארפט, פון אלע טיי־
לען וועלט. אז מען האָט איהר געשיקט פערד, האָט מען איהר
אין דער זעלבער צייט אויך געשיקט היי פאר די פערד, און
פאָדקאָוועס, און אפילו טשוועקעס פאר די פאָדקאָוועס. אויב
מיר וואָלטען געווען אזוי באזאָרגט, וואָלטען מיר געהאט שלום
אין רוסלאנד אין א וואָך צייט. אָבער מיר האָבען גאָרנישט,
און קענען גאָרנישט ניט קריגען, און זיינען געצוואונגען מלחמה
צו האלטען קעגען אונזער אייגענעם ווילען.

— און קריעג פטר'ט אלץ — האָט ער פאָרטגעזעצט. —
אונזער קאָמיטעט זאָל אייגענטליך זיין פארנומען מיט פריע־
דענס־ארבייטען, כדי צו מאכען רוסלאנד ניצליכער פאר זיך
און פאר דער גאנצער וועלט. איהר ווייסט דאָך אונזערע פלע־
נער. אָבער אז קריעג קומט פאר אויף אלע אונזערע פראָנטען,
אז אונזערע בעסטע מענשען זיינען אין דער ארמיי, זיינען מיר
דאָך געצוואונגען צו געברויכען 90 פראָצענט פון אונזער ענער־
גיע און מאטעריאל פאר די באלדיגע נויטען פון דער ארמיי.

— יעדען טאָג קריגען מיר מאסען טעלעגראַמען פון אלע
פראָנטען, בעטענדיג דאָס און יענעס. צום ביישפיעל, ט ר אָ צ־
ק י שיקט צו אזא איינפאכע טעלעגראמע: „מיר ווען זיין

אין אָ ר ע נ ב ו ר ג אין צוויי טעג אַרום", און ער לאָזט שוין איבער פאַר אונז צו טאָן אַלץ, וואָס ס'איז נויטיג. דאַן, האַל־טענדיג די מאַפּע פאַר מיינע אויגען, דאַרף איך שיקען אַלץ, וואָס ס'איז נויטיג: אינזשינירען, אייזענבאַהן־אַרבייטער, כדי צו פאַררירכטען די אייזענבאַהנען, מאַטעריאַל פאַר בריקען, א. א. וו. און דערווייל מוז דאָ א סך נוצליכע אַרבייט אויפגעגעבען ווערען.

„אַלס אַ דירעקטער רעזולטאַט פון אונזער שרעק, טאָמער וועט איהר, ענגלענדער, אָדער די דייטשען צונעמען אונזער באַל־טישען פּלאַט, האָבען מיר אָפּגעטאָן די גרעסטע שטיקעל אינ־זשינירען־אַרבייט, וואָס איז אין רוסלאַנד געמאַכט געוואָרען פאַר יאָהרען און יאָהרען. מיר האָבען שוין ניט געקענט ראַטע־ווען די דרעדנאָטס, אָבער איך האָב באַשלאָסען אַרויסצוראַטע־ווען אַלץ, וואָס מיר קענען. נאָך אין די צאַרישע צייטען איז געפּלאַנעוועט געוואָרען צו פאַרטיפערען און פאַרברייטערען די קאַנאַל־סיסטעם, כדי צו קענען אַריבערפיהרען שיפען פון'ם באַל־טישען ים אין דער ו ו אָ ל ג א. די פּלענער זיינען באַטראַכט געוואָרען, אָבער זיי זיינען אַוועקגעוואָרפען געוואָרען אַלס אונ־פּראַקטיש. זיי האָבען טאַקי איינמאָל פאַרזוכט דורכצופיהרען צוויי טאָרפּעדאָ־שיפען, און זיי האָבען זיי צוליעב דעם אַרויפ־געלייגט אויף בערלינקעס.

„וועל, האָבען מיר זיך געזאָגט, אויב דאָס קען געפּלאַנע־וועט ווערען, קאָן עס אויך אויסגעפיהרט ווערען. און די קאַנאַלען ווערען איצט פאַרטיפט און פאַרברייטערט. מיר האָבען דורכ־געפיהרט דורך זיי, מיט זייער אייגענער קראַפט, זיבען גרויסע צושטערערס, זעקס קליינע צושטערעס און פיער סובמאַרין־שיפלעך. ווען זיי זיינען אונערוואַרטערהייט אָנגעקומען קיין ק אַ ז אַ ן, האָבען זיי דאָרטען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע אין אונזער נצחון.

אָבער מיין פרייד איז צושטערט געוואָרען ביים געדאַנק, אַז איך האָב צוליעב דעם געדאַרפט צונעמען מענשען און מאַטע־ריאַל וואָס זיינען געווען נויטיג פאַר'ן בויען פון דער סטאַנציע פאַר עלעקטרישער קראַפט, מיט וועלכער מיר האָפען צו אויס־

פיהרען, אז פעטראָגראַד זאָל ווערען אונאבהעננינ פון דעם קויהלען־אָנבאָט.

„די שוועריגקייטען, מיט וועלכע עס קומט אונז אויס צו קעמפפען, זיינען ריזיגע, אָבער מיר האָבען געטאָן און טוען א סך זאכען, וואָס דער אַלטער רעזשים האָט עס ניט באוויזען אויפצוטאָן, זאָל עס זיין צוליעב א מאנגעל אין איניציאטיווע, אָדער צוליעב אנדערע אורזאכען.

א סך שוועריגקייטען זיינען פון א גאנץ אונערוואַרטעטען כאראקטער. די אָרטיגע איינוואוינער — טיילווייז, מסתמא, אונטער דעם איינפלוס פון אונזערע פּאָליטישע געגנער — זיינען געווען זעהר פיינדליך געשטימט צו דעם בויען פון א קראפט־סטאנציע, פשוט צוליעב דעם, וואָס זיי האָבען ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז. איך בין אהין אוועקגעגאנגען אליין, און זיי דערקלערט וואָס עס וועט מיינען פאר זיי, ווען זייער טייך וועט ווערען א רייכער טייך, אז זיי וועלען קענען ביליג קריגען קראפט פאר אלערליי סאָרטען ארבייט, און אז זיי וועלען האָבען עלעקטרישע באלויכטונג אין אלע זייערע הייזער. דאמאָלס האָבען זיי מיך אָנגעהויבען טראָגען אויף די הענט דורכ'ן דאָרף, און האָבען אוועקגעשיקט טעלעגראמען לעניג'ען, זינאָוויעוו'ן, און יעדען איינעם, וועמעס נאָמען זיי האָבען נאָר געהאט, און פון דאמאָלט אָן קריגען מיר פון זיי בלויז הילף.

„אונזער מייסטע ענערגיע ווערט איצטער פארברויכט אויף פאררינכטען און בויען אייזענבאהנען און וועגען פאר דעם געברויך פון דער ארמיי. העכער 11,000 ווערסט אייזענבאהן־ליניעס האָלטען איצטער אין אויסגעלייגט ווערען. מיר האָבען פארענדיגט די אייזענבאהן־ליניע פון א ר ז א מ א ס קיין ש י כ ר א ן. צוועלפהונדערט ווערסט שאָסיי ווערען איצטער אויסגעבויט. און כדי נאָכצוקומען די נויטען פון דער ארמיי האָבען מיר שוין ביז איצט פאררינכט אָדער אויסגעלייגט ארום 8,000 ווערסט פארשידענע סאָרטען וועגען. עס איז א פאקט, אז די אייזענבאהן־נעץ פון אינערליכען רוסלאנד איז ניט אזוי שלעכט, ווי מאנכע דיינקען. דורך איהר, ניט קוקענדיג אויף אלע שטרויכלונגען, איז אונז געלונגען צו צוקלאפּען די קאָנטר־

רעוואָלוציע, קאָנצענטרירענדיג אונזערע ארמייען אָט דאָ, אָט דאָרט, וואו עס איז נאָר נויטיג.

„איהר מוזט געדיינקען אז מיר זיינען אויף אַלע אונזערע גרעניצען געצוואונגען צו קעמפען קעגען גרופּעס רעאקציאָנערען, וועלכע זיינען צוערשט געשטיצט געוואָרען פון די דייטשען, און איצט — מעהרסטענטיילס דורך די רומעניער, פּוילען, ענג־לענדער, און אין מאנכע דיסטריקטען — נאָך אַלץ דורך די דייטשען. סאָלדאטען, וועלכע קעמפען היינט אין די אוראַל־ברעג, קעמפען מיט א מאָנאט שפּעטער דרום־צו פון וואראנעזש און שפּעטער אין א חודש ארום האָבען זיי א פּיקניק, נאָכפאָל־גענדיג די דייטשען, וועלכע עוואקואירען די אָקופּירטע פּראָווינ־צען.

„מאנכע פון אונזערע טרופּען זיינען נאָך ניט אזוי גוט. היינט שלאָגען זיי זיך, און מאָרגען באטראכטען זיי זיך, אז עס לוינט זיך ניט. אזוי אז אונזערע בעסערער חיל, יענער, וואו עס געפינט זיך מעהר ארבייטער, מוז אריבערגעוואָרפען ווע־רען אין אַלע ריכטונגען. מיר זיינען שטענדיג פארנומען, כדי צו מאַכען עס מעגליך, דורכ'ן בויען פון אַלץ נייערע וועגען. אָבער וואָס פאר א פארדראָס, ווען עס זיינען דאָ אזויפיעל אנ־דערע זאכען צו טאָן!

„די מלחמה נויטען דריקען אונז די גאנצע צייט. פאַר די לעצטע צוויי חדשים איז דאָס היינט דער ערשטער טאָג, וואָס מיר זיינען געווען אימשטאַנד צו באהייצען די דאָזיגע גע־ביידע. מיר פלעגען ארבייטען אין אויבערמאַנטלען, פעלצענע קוטשמעס, בשעת די גרויסע פרעסט. פאַרוואָס?

„האָלץ האָט שוין געהאַלטען אין אָנקומען אהער, ווען מיר האָבען פלוצלונג ערהאַלטען א ידיעה, אז מיר דארפען שנעל אריבערפיהרען אונזער חיל צפון־צו. האָט מען ארויסגעוואָר־פען די האָלץ פון די וואַגאָנען, אריינגעבראַכט אהין די סאָלדאַ־טען פון דער רויטער ארמיי, און צוריק פארקערעוועט דעם צוג צפון־צו. דאָס האָט געמוזט געטאָן ווערען, און אונז איז דער־ווייל אויסגעקומען צו ארבייטען אין א גרויסער קעלט. א סך פון מיינע געהילפען זיינען קראַנק געוואָרען. ערשט נעכטען,

האָט מען געמוזט צוויי געהילפען צונעמען פּלוצלונג אהיים, ווייל זיי זיינען אנידערגעפאַלען ביי דער ארבייט אין א מין חולי־נופלים־חלאת, וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון א לאַנג־דויעריענדיגער זיצענדיגער ארבייט אין אומבאַהייצטע חדרים. צוליעב דער זעלבער אורזאַכע האָב איך אָנגעוואָרען מיין רעכ־טען אָרעם. ער איז מיר אָפּגעפראָרען".

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט, וועלכע ער האָט די גאַנצע צייט געהאַלטען אין קעשענע. עס איז געווען א שוידער צו אָנקוקען זי. די פינגער זיינען געווען געשוואָלען, ווי די וואָרצלען פון מאַנכע גרינסען.

אין דעם מאָמענט איז עמיצער אריינגעקומען צו ריידען מיט פּ א ו ל אָ ו י ט ש. ער איז געשטאַנען ביי א טיש הינטער מיר, אַזוי אַז איך האָב איהם ניט געקענט זעהן. נאָר אַז פּאַוולאָוויטש האָט באַמערקט, ווי ער קוקט אויף מיר אַזוי מאָדנע, האָט ער א פרעג געטאָן:

— קענט איהר זיך?

איך האָב מיך אומגעקוקט און האָב דערזעהן ס ו כ א־נ אָ ו ו'ן, ג א ר ק י'ס פריינד. ער איז פריהער געווען איינער פון די בעסטע מיטארבייטער פון דער „נאָוואַיאַ זשיזן".

איך האָב אויפגעשפּרונגען און איהם דערלאַנגט שלום־עליכם.

— וואָס, זייט איהר אויך געוואָרען א באָלשעוויק? — האָב איך איהם געפרעגט.

— עס הויבט זיך ניט אָן — האָט געענטפערט ס ו כ א־נ א ו ו מיט א שמייכעל. — נאָר איך ארבייט דאָ בלויז.

— ס ו כ א נ אָ ו ו דיינקט, אַז, אַלענפאַלס, טוען מיר אָן ווייניגער שאָדען ווי עמיצער אַנדערש, — האָט פּ א ו ־ ל אָ ו י ט ש געזאָגט, לאַכענדיג. — געהט און רעדט מיט איהם, וועט ער אייך אויסדערצעהלען אַלע זיינע טענות צו אונז. און ער וועט טאַקי האָבען צו דערצעהלען אייך א סך.

ס ו כ א נ א ו ו איז געווען א זעהר פאַרביסענער געגנער פון די באָלשעוויקעס. מיט א יאָהר צוריק איז ער אויף מיר זעהר אין כעס געוואָרען, ווען איך האָב איהם געזאָגט, אַז פריהער

אָדער שפּעטער, וועט ער אויך אָנהויבען ארבייטען מיט די באַל־שעוויקעס. איך האָב עס דערצעהלט פּאוולאָוויטש'ען.

ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

—מיט אַ היבשער צייט צוריק,—האָט פּאוולאָוויטש דער־צעהלט—האָט מיר ס ו כ א נ אָ ו ו אָנגעבאָטען זיינע דינסטען דורך מ י ל י ו ט י נ'ען. איך האָב איינגעשטימט, און אַלץ איז אראַנזשירט געוואָרען. נאָר ווען אין דער „פּראַוודאַ" איז ערשינען אַ נאָטיץ, אין וועלכער עס האָט זיך געזאָגט, אַז ער געהט ארבייטען מיט אונזער קאָמיטעט, האָט ער זיך פאַרשעהמט און אָנגעשריבען אַ הכחשה. מ י ל י ו ט י ן איז געוואָרען זעהר אין כעס, און מיך געבעטען, אַז איך זאָל אָפּדרוקען דעם גאַנצען אמת. איך האָב מיך ענטזאָגט עס צו טאָן, נאָר נאָך אין דעם זעלבען טאָג האָב איך אָנגעשריבען אין מיין טאָג־בוך:

— ס ו כ א נ אָ ו ו וועט זיך אומקעהרען.

„מיט דריי חדשים שפּעטער האָט ער שוין געאַרבייט מיט אונז. איין מאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז אין דעם גרויסען טאָג־בוך פון דער רעוואָלוציע וועלכען ער האַלט אין שרייבען, מאַכט ער אויף מיר באַזונדערע אַטאַקעס. „איך האָב צו אייך גאָרניט — האָב איך עס איהם געזאָגט — אָבער איך וועל אייך באַווייזען איין זייטעל פון מיין אייגענעם טאָג־בוך". און איך האָב איהם באַוויזען יענע זייטעל, און געבעטען, ער זאָל אַ קוק טאָן אויפ'ן דאַטום. ס ו כ א נ א ו ו איז אַן עהרליכער מאַן, און האָט געמוזט קומען".

ער האָט ווייטער פאָרטגעזעצט.

— איהר ווייסט, געהינדערט ווי מיר זיינען דורכ'ן מאַנגעל אין אַלץ, וואָלט דאָך אונז געווען שווער צו קעמפען ערפאָלגרייך קעגען די רעאַקציאָנערען, ווי מיר טוען עס איצטער, ווען ניט דער פאַקט, אַז דאָס פאָלק, אַלס אַ גאַנצעס, איז דורכגעדרונגען מיט'ן אמת'ן רעוואָלוציאָנערען גייסט. די רעאַקציאָנערען האָ־בען געלט, מוניציעס, אַלערליי סאָרטען זאַפּאַסען, אינסטרוק־טאָרס — אַלץ קריגען זיי פון אויסלאַנד. מיר האָבען גאָרניט, און דאָך באַזיגען מיר זיי. ווייסט איהר, אַז די ענגלענדער האָבען זיי געגעבען טענקס? האָט איהר געהערט, אַז אין

איין פּלאַץ האָבען זיי געברויכט שעדליכע גאַזען, אָדער עפּעס עהנליכעס, און האָבען בלינד געמאַכט אַכט הונדערט לייטע? און דאָך געווינען מ י ר! פאַרוואָס? ווייל פון יעדער שטאָדט וואָס מיר נעמען איין, קריגען מיר צו נייע כחות. און יעדע שטאָדט, וואָס זיי נעמען איין, איז פאַר זיי אַ קוואַל פון שוואַכקייט, ווייל זיי דאַרפען דאָרטען אריינשטעלען סאָלדאַטען און האַלטען די שטאָדט קעגען דעם ווילען פון דער באַפעלקערונג.

— און אַז איהר וועט קריגען פרידען, וואָס וועט זיין דאַמאָלסט?

— מיר ווילען פון אויסלאַנד אַלץ, וואָס מיר קענען אַליין ניט מאַכען. מיר ווילען הונדערט טויזענד ווערסט רעלסען. איצטער קומט אונז אויס אַרונטעררייסען די רעלסען אין איין פּלאַץ, און אַנידערלייגען זיי אין אַן אַנדער פּלאַץ. מיר ווילען אויפבויען נייע אייזענבאַהנען. מיר ווילען טשערעפּאַלקעס פאַר אונזערע קאַנאַלען און טייכען. מיר ווילען עקסקאַוואַטאָרען (גרויסע אויסגראָבונג־מאַשינען).

— אָבער ווי אַזוי ערוואַרט איהר, אַז לייטע זאָלען אייך דאָס אַלץ פאַרקויפען, ווען אייער אויסלענדישער קרעדיט איז ניט ווערט קיין קאָפּיקע?

— מיר וועלען צאָהלען מיט קאָנצעסיעס. מיר וועלען געבען די אויסלענדער דאָס רעכט צו נעמען אונזער רויהען מאַטעריאַל. וואַלד, אמת׳ער וואַלד, איז אַזוי גוט, ווי קרעדיט. מיר האָבען גרויסע שטרעקעס וואַלד אינ׳ם צפון, און יעדע אייראָפּעאישע לאַנד נויטיגט זיך אין בוי־מאַטעריאַל. זאָל דאָס זיין אונזער „געלט“ פאַר אויסלענדישע איינקונפטען. מיר זיינען גרייט צו זאָגען: „איהר בויט אויס פאַר אונז דאָס, אָדער גיט אונז יענעס, און מיר וועלען אייך געבען דאָס רעכט צו נעמען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל בוי־מאַטעריאַל פאַר אייך“. און אַזוי ווייטער, עס זיינען דאָ נאָך אַנדערע קאָנצעסיעס. אפילו איצטער קומען פאַר אונטערהאַנדלונגען מיט אַן אויסלענדישע פירמע וועגען דעם בויען פון אַן אייזענבאַהן פון אָ ב י קיין קאָטלאַס.

— אָבער א טייל פון דעם דאָזיגען דיסטריקט געפינט זיך נאָך ניט אין אייערע הענט.

— אז מיר וועלען האָבען שלום, וועלען מיר שוין אלץ איינאָרדנען אָהן שוועריגקייטען.

אז איך האָב שוין געהאַלטען אין געהן, האָט ער מיך אָפּ־געשטעלט. הפּנים, אז ער ווייס ניט אינ'ם מינדסטען, אז די ענגלענדער דיינקען איצטער וועגען איהם און זיינע פריינד, ווי פון עפּעס א סאָרט ווילדע שדים, ווען אפילו אָהן הערנער און אָהן עקען, איז אָבער, אַלענפאַלס, זעהר ניט עהנליך אויף מענשען.

ער האָט מיך געפרעגט:

— ווען מיר וועלען האָבען פריעדען גלויבט איהר ניט, אז עס וועלען זיך געפינען אין ענגלאַנד גענוג אינזשינירען אין ערפאַהרענע אַרבייטער, וועלכע וועלען גערן קומען קיין רוסלאַנד צו העלפען אונז? דאָ איז דאָ אזוי פיעל צו טאָן, אז איך קען זיי פאַרזיכערען, זיי וועלען קריגען דאָס בעסטע, וואָס מיר האָ־בען נאָר. מיר ליידען אזויפיעל פון א מאַנגעל אין פעהיגע אַר־בייטער, ווי פון א מאַנגעל אין לאָקאָמאָטיווען. איצטער נעמען מיר פּשוט'ע, אונערפאַהרענע אַרבייטער וועלכע צייגען נאָר ארויס סמנים פון פעהיגקייטען, און לערנען זיי בשעת דער אַר־בייט. עס מוזען דאָך זיין אינזשינערען, אייזענבאַהן־אַרביי־טער, מעכאַניקער, צווישען די ענגלישע סאָציאַליסטען, וועלכע וואָלטען גערן געקומען. און, עס פאַרשטעהט זיך, זיי מוזען ניט אומבאַדינגט זיין קיין סאָציאַליסטען אזוי לאַנג, ווי זיי זיינען גוטע אינזשענירען".

זיין לעצטע סוגגעסטיע איז זעהר כאַראַקטעריסטיש. מען קאָן בשום אופן ניט מאַכען די באָלשעוויקעס גלויבען, אז די ענגלענדער פיהלען א פיינדשאַפט צו זיי. דאָס זעלבע פיהלען זיי אויך ניט קיין פיינדשאַפט צו די ענגלענדער. ווען איך האָב מיך אומגעקעהרט אין מיין האָטעל, האָב איך באַגעגענט א פּאַרטיע ענגלישע קריעגס־געפאַנגענע, פונ'ם צפון־פראָנט, זיי האָבען פריי, אָהן א קאָנוואָי, געשפּאַצירט איבער די גאַסען.

## דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט און דער טעראָר.

דעם זיבצעהנטען פעברואר.

מיין אלגעמיינער איינדרוק, אַז די סאָוועטען־רעוואָלוציע איז שוין דורכגעגאנגען איהר פּעריאָדע פון אינערליכען קאמף, און איז איצט קאָנצענטרירט אויף קאָנסטרוקטיווער ארבייט, אויף ווי ווייט זי האָט אַ מעגליכקייט דערצו דורכ'ן קריעג אויף אַלע פראָנטען, און אַז די באַפעלקערונג בארוהיגט זיך אונטער'ן נייעם רעזשים, — איז באשטעטיגט געוואָרען אויפ'ן מיטינג פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט, וועלכער האָט אויף אַ באשטימטען אופן באגרעניצט די מאכט פון דער אויסערגעוועהנליכער קאָמיסיע.

איידער די זיצונג האָט זיך געעפענט, האָב איך גערעדט אַ פּאָר ווערטער מיט פּעטערס'ן און דאַן מיט קרילענקאָ'ן. די אויפרודערונג פונ'ם אינערליכען קאמף איז שוין געוועזען אריבער. ער איז אויסגעפּאַכטען געוואָרען אין דער פּאַרטיי גופא. ביידע, קרילענקאָ פון דעם רעוואָלוציאָנערען טריבונאל, און פּעטערס, פון דער אויסערגעוועהנליכער קאָמיסיע, זיינען דאָ בלויז געווען, כדי בייצוואוינען דעם אָפיציעלען אקט, וועלכער וועט באשטימען זייער נייעם אמט.

פּעטערס האָט גערעדט וועגען דעם, וואָס עס איז איהם ניט געלונגען זיך ארויסצודרעהען פון עפּעס אַ שיסעריי. קרילענקאָ האָט געשפּאַסט פון מיר, וואָס איך האָב מיך ענטזאגט צו גלויבען אין דער לאָקאהארט קאָנספּיראַציע. קיין איינציגער פון זיי האָט ניט ארויסגעוויזען קיין שפּורען פון דעם ביטערען קאמף, וואָס איז אָנגעגאנגען אין דער פּארטיי פּאר און נעגען די כמעט דיקטאַטאָרישע מאכט פון דער אויסעראָרדענטליכע קאָמיסיע אויף צו באַנעהן זיך מיט די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען.

די זיצונג איז ערעפענט געוואָרען מיט אַ באריכט פון דזערזשינסקי'ן, יענער מאָדנער אסקעטיק, וועלכער האָט ווען ער איז געווען איינגעשלאָסען אין דער ווארשעווער תפיסה,

זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער וועט טאָן די שמוציגע אַרבייט פון אויסרייניגען די קאָמערקעס פון אַלע איבעריגע אַרעסטאַנטען. אויסער זיין אייגענער, און וועט אַרויסטראָגען די פּאָמויניצעס, — אַרויסגעהענדיג פון דער טעאָריע אַז, וואו נאָר מעגליך, זאָל איין מענש נעמען אויף זיך דאָס שלעכטס, וועלכעס וואָלט גע־דאַרפט, אינ'ם פּאַרקעהרטען פאַל, געטיילט ווערען דורך אַלע־מען; און בשעת דעם געפעהרליכען אָנהויב פון דער רעוואָלו־ציע האָט ער אויף זיך גענומען דעם אונפּאָפּולערסטען פון אַלע עמטער, דעם אַמט פונ'ם פּרעזידענט פון דער אויסעראָרדענטלי־כער קאָמיסיע.

צו זיין פּערזענליכער עהרליכקייט קאָן מען נאָך צוגעבען זיין אונבאַגרעניצטען מוט, וועלכען ער האָט מעהר ווי איין מאָל אַרויסגעוויזען בשעת די לעצטע אַכטצעהן חדשים. אין דער צייט פון דעם אויפשטאַנד פון די לינקע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָ־נערען איז ער אַוועק אַליין, אָהן אַ וואָך אין די הויפּט קוואַרטי־רען פון די בונטאָוושציקעס, גלויבענדיג, אַז ער וועט זיי קענען עפּענען די אויגען. ווען זיי האָבען איהם אַרעסטירט, האָט ער זיי אויפגעפאָדערט, אַז זיי זאָלען איהם שיסען. ער האָט זיך אין אַלגעמיין אַזוי דרייסט אויפגעפיהרט, אַז די סאָלדאַטען, וועלכע האָבען איהם באַוואַכט, האָבען איהם ענדליך באַפרייט, און זיך זעלבסט אומגעקעהרט צו זייער פריהעריגער געהאָרכזאַמקייט.

דער דאָזיגער דאַרער, הויכער מענש, מיט אַ פאַנאַטישען געזיכט, אַביסעל עהנליך אויף די טראַדיציאָנעלע פּאָרטרעטען פונ'ם הייליגען פראַנסיס, צו־גלייך, דער שרעק פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען און קרימינעלע פאַרברעכער, איז אָבער זעהר אַ שלעכטער רעדנער. ער קוקט ניט אויף דער אוידי־ענץ, בשעת ער אַדרעסירט זי, און זעהט אויס ווי ער וואָלט גאָרניט גערעדט צו זיי, נאָר צו עמיצען אַנדערש, וועלכען קיינער זעהט ניט. אפילו ווענען אַ געגענשטאַנד, וועלכען ער ווייס אויסגעצייכענט, רעדט ער אויך מיט אַ מאָדנער אומפעהיג־קייט צו פאָרמירען גאַנצע זאַצען. ער שטעלט זיך אַלע ווייל־ע אָפּ, בייט איבער אַ וואָרט, און, צום סוף, אַז ער זעהט זיך אַרום,

אז ער קען ניט פארענדיגען זיין זאַץ, האקט ער נאָר אָפּ אין מי־טען, וואו ער געפינט זיך.

ער האָט געגעבען אַ קורצען טרוקענעם באריכט וועגען דער געשיכטע פון דער אויסעראָרדענטליכער קאָמיסיע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די פארשידענע קריזיסען, מיט וועלכע עס איז איהר אויסגיקומען זיך צוזאַמענשטויסען, אָנהויבענדיג מיט די שכרות־פּאָגראָמען אין פעטראָגראַד, דער אונטערדריקונג פון די פאראייניגטע אַנאַרכיסטען און פארברעכער אין מאָסקווע, ביז די טעג פונ׳ם טעראָר, ווען אין פיעלע פלעצער פלעגען אויס־ברעכען באוואפענטע אויפשטאנדען געגען דער סאָוועט־רעגי־רונג, אָנגעפיהרט דורך אויסלענדער און קאָנטר־רעוואָלוציאָ־נערען.

נאָר די גאַנצע צייט ביז אהער, האָט דזערזשינסקי, ווייטער ווערעדט, איז אונזער רעוואָלוציע געשטאַנען אין געפאהר פון גרויסע אויפשטאַנדען. איצטער איז די רעוואָלוציע געזיכערט קעגען אַזעלכע. זי ווערט בלויז געדראָהט פון אינדיווידועלע פאַראַטען פון אַלערליי סאָרטען, וועלכע נויטיגען זיך אָבער ניט אין קיין מאַסען־אַקציאָן. עס זיינען דאָ, אָהן שום ספק, אין די סאָוועט־אינסטיטוציעס פארשידענע פאררעטער, וועלכע וואַר־טען אויפ׳ן טאָג (און ער וועט קיינמאָל ניט קומען), ווען זיי וועלען קענען זיך פאראייניגען מיט אונזערע פיינד, און דערווייל שטערען זיי אונז אין געהיים אונזער ארבייט. אָבער צוליעב דעם דאַרף מען דאָך ניט פארניכטען די גאַנצע אינסטיטוציעס!

דער קאַמף מיט דער קאָנטר־רעוואָלוציע איז אריינגעטראָ־טען אין אַ נייער פעריאָדע. מען דאַרף שוין מעהר ניט אָנפיה־רען קיין אָפענעם קריעג מיט אָפענע פיינד. מען דאַרף זיך בלויז היטען פאַר איינצעלנע. די קריעגס־געזעצען, לויט וועלכע דער סאָלדאַט, טרעפענדיג זיך מיט זיין פיינד, אויפ׳ן אָפענעם שלאַכטפעלד, קען איהם דערהרג׳ענען אָהן אַ געריכט, טויגען שוין איצטער ניט. די לאַגע איז שוין ווידער אַ פרידליכע, און יעדער אָנגעקלאָגטער האָט אַ רעכט צו פאָדערען, אַז זיין שולד זאָל באַ־וויזען ווערען פאַר אַ געריכט. דעריבער איז דאָס פאראורטיילונגס־רעכט צוגענומען געוואָרען פון דער אויסעראָרדענטליכער קאָמי־

סיע. אָבער, אויב דורך אומפּאַראויסגעזעהענע אומשטענדען, זאָל זיך די קאָנטר־רעוואָלוציע צוריק אומקעהרען, ווערט געפּלאַ־נעוועט, אַז די אויסעראָרדענטליכע קאָמיסיע זאָל צוריק קריגען איהר דיקטאַטאָרישע מאַכט, ביז וואַנען די קאָנטר־רעוואָלוציע וועט ווידער פאַרשווינדען.

אַזוי, צום ביישפּיעל, אויב, אין פאַל פון אַ קאָנטר־רעוואָלו־ציע, זאָל אַ דיסטריקט דערקלערט ווערען אין קריעגס־צושטאַנד, וועט די אויסעראָרדענטליכע קאָמיסיע צוריק אָננעמען איהר פריהערדיגע מאַכט. אויב אַלץ וועט געהן כשורה, וועט איהר איינציגע אויפגאַבע זיין איבערצוגעבען אַזעלכע פאַרברעכער, ווי סאָוועט־בעאַמטע וועלכע קומען אַלעמאָל שפּעט, צו דעם רע־וואָלוציאָנערען טריבונאַל, וועלכער וועט זיי משפּט'ן, און, ווען זייער שולד וועט באַוויזען ווערען, אַוועקשיקען זיי אין קאָנצענ־טראַציאָנס־לאַגערען, זיי זאָלען זיך אויסלערנען אַרבייטען (אַ גע־לעכטער ברעכט דאָ אויס, דער איינציגען סימן דורך דער גאַנ־צער רעדע ד ז ע ר ז ש י נ ס ק י'ס, אַז דער עולם האָט איהם די גאַנצע צייט אויסגעהערט מיט אויפמערקזאַמקייט).

איינע נאָך דער אַנדערער האָט ער איבערגעלייענט פאַרשי־דענע רעזאָלוציעס, וועלכע באַשטימען די דאָזיגע ענדערונגען, און פאַרזאָרגען די גרינדונג פון רעוואָלוציאָנערע טריבונאַלען. די אונטערזוכונג טאָר ניט געדויערען מעהר ווי אַ חדש, און דער משפּט מוז פאָרקומען אין 48 שטונדען צייט נאָכדעם, ווי די אונטערזוכונג איז פאַרענדיגט געוואָרען.

געענדיגט האָט ער אין דעם זעלבען אופן, ווי ער פלעגט ענדיגען זיינע זאַצען, אַזוי, דורך אַ צופאַל, און די אַנוועזענדע האָבען בלויז דאַן פאַרשטאַנען, אַז ער האָט שוין געענדיגט, ווען ס ו ו ע ר ד ל אָ ו ו האָט אַנאָנסירט דעם נעקסטען רעדנער.

ק ר י ל ע נ ק אָ האָט פאָרגעשלאָגען אַן אַמענדמענט, לויט וועלכען אַ מיטגליד פון דעם רעוואָלוציאָנערען טריבונאַל קאָן ניט זיין אין דערזעלבער צייט אַ מיטגליד פון דער אויסער־אָרדענטליכער קאָמיסיע, וועלכע האָט אונטערזוכט אַ „קייס“.

זיין רעדע האָט מיך זעהר אַנטוישט. ער איז ניט אין זיין אָם בעסטען, ווען ער אַדרעסירט אַ ערנסטען מיטינג, ווי צ. ב., דעם

מיטינג פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט. דער קרילענקאָ, וועל־כער האָט גערעדט היינט ביינאַכט, קלאָר, פלייסיג, אָבער אָהן אַ באַזונדערער קונסט, איז ניט דער זעלבער ק ר י ל ע נ ק אָ, דער ווירטוז פון המון־אָראַטאָריע, דער קליינינקער, געפּעהרלי־כער עלטערער מאַן אין אַ פּראַפּאָרשציק׳ס יוניפאָרמע, וועלכער האָט היגנעריסען די סאָלדאַטישע מאַססמיטינגען אין פּעטראָ־גראַד מיט אַן אַנדערטהאַלבען יאָהר צוריק. זיין רעדע היינט ביינאַכט איז געווען אַ טרוקענע רעדע איבער יוריספּרודענץ.

א ו ו א נ ע ס ע ו ו, דער הויכער, טונקעלער סעקרעטער פון׳ם עקזעקוטיוו קאָמיטעט, וועמעס געזיכט עס איז עהנליך אויפ׳ן געזיכט פון אַ גרויסען פרומען שפּאַרבער באַדעקט מיט לאַנגע שוואַרצע האָר, רעדט קעגען דעם אַמענדמענט. און די דאָרפס־דיסטריקטען, זאָגט ער, זיינען ניטאָ געגוג גלויבענס־ווערטהע טוער, אויף וועמען מען וואָלט זיך געקאָנט פאַרלאָזען, אַזוי, אַז דער אַמענדמענט איז אומפּראַקטיש.

די רעזאָלוציע איז ענדליך אָנגענומען געוואָרען, אַלס אַ גאַנצע, און דער אַמענדמענט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם פּרעזידיום אויף באַטראַכטונג.

דער קאָמיטעט איז דאַן אַריבערגעגאַנגען צו אַ באַטראַכ־טונג פון דעם אויסעראָרדענטליכען שטייער, וועלכער איז אַרויפ־געלייגט געוואָרען אויף די אייגענטימער־קלאַסען. ק ר ע ס־ט י נ ס ק י, דער פינאַנץ־קאָמיסאַר, האָט באַריכטעט פאַר אַ שטריינגען עולם, וועלכער האָט גאַנץ אָפען באַטראַכט דעם שטייער, אַלס אַ פּאָליטישען טעות. קרעסטינסקי איז אַ קור־צער היציגער מענש, מיט טונקעלע שפּאַקולען, און איז אָנגעטאָן גיכער איידער אַ באַנקיר אַלס אַ באָלשעוויק.

עס איז געווען קלאָר, אַז די איינזאַמלונג פון׳ם שטייער איז ניט געווען אַזוי ערפאָלגרייך, ווי ער האָט זיך פריהער פאָר־געשטעלט. עס האָט מיך אינטערעסירט צו הערען דעם דאָפּעל־טען צוועק פון דעם שטייער און די אָנגעגעבענע אורזאַכען פאַר זיין דורכפאַל.

דער שטייער האָט געהאַט, ערשטענס, אַ מלוכה־צוועק, טיילוויז צו דעקען דעם דעפיציט, טיילוויז, דורכ׳ן אַריינציהען

פונ'ם פאַפּיר־געלט, צו אויפהויבען דעם ווערט פונ'ם רובעל. ער האָט אָבער אויך געהאַט אַ פּאָליטישען צוועק. ער איז געמיינט געוואָרען אָנצוריהרען נאָר די אייגענטימער־קלאַסען, און אָפּצושוואַכען די קולאַקעס (די רייכע פויערים) אין די דערפער, און באַווייזען די אָרימע פויערים, וואָס די רעוולוציע מיינט פאַר זיי.

אָבער אומגליקליכערווייזע האָבען אייניגע סאָוועטען, וואו די מינאָריטעט „קולאַקעס“ האָבען נאָך אַלץ אָנגעהאַלטען דעם אויבען־אָן אַ דאַנק זייער עקאָנאָמישער קראַפט, פאַנאַנדערגעמיילט דעם שטייער גלייך צווישען דער גאַנצער באַפעלקערונג. די אָרימע פויערים, וועמען עס איז אויסגעקומען צו צאָהלען אַזוי פיעל, וויפיעל די רייכע, וועלכע האָבען טאַקי געקאָנט צאָהלען, האָט עס שטאַרק פאַרדראָסען. עס איז געווען נויטיג פאַנאַנדערצושיקען טעלעגראַמעס, אין וועלכע עס איז ערקלערט געוואָרען דער אמת'ער כאַראַקטער פון דעם שטייער.

די באַדייטענדסטע אורזאַכע, פאַרוואָס דער שטייער איז געווען אַ טיילווייזער מיסערפאָלג, ליגט אין דעם, וואָס דער אייגענטימער־קלאַס, אַלס אַזעלכער, איז אַ סך מעהר פאַרקלענערט געוואָרען, ווי מען האָט זיך צוערשט פאָרגעשטעלט. גאָר פיעלע פון די יעניגע, אויף וועלכע עס זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרען שטייערען, ווי אויף פאַבריק־אייגענטימער, האָבען שוין איצטער געאַרבייט ניט אַלס פאַבריקאַנטען, נאָר אַלס דירעקטאָרען פון די נאַציאָנאַליזירטע פאַבריקען, און זיינען דעריבער ניט געווען אונטערוואָרפען אונטער דעם שטייער.

אין אַנדערע ווערטער, דער טיילווייזער דורכפאַל פון דעם שטייער האָט בלויז באַוויזען, ווי ערפאָלגרייך די רעוואָלוציע האָט זיך אַנטוויקילט. (דאָס ווערט אילוסטרירט דורך דעם אמת'דיגען פאַל מיט'ן „אנקעל“, וועגען וואָס עס ווערט דערצעהלט פריהער) קרעסטינסקי האָט געזאָגט, אַז ער גלויבט, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך שוין אויף אַזוי פיעל ענטוויקעלט, אַז אַזאַ מין סאָרט שטייער וועט שוין מעהר ניט זיין נויטיג, און אויך ניט מעגליך.

## איינדרוקען פון געשפרעכען מיט לעניג׳ען.

וואס פאר א מיינונג זיי מעגען ניט האבען וועגען איהם, וועלען דאך אפילו זיינע ערגסטע פיינד צוגעבען, אז װ ו ל א־ ד י מ י ר א י ל א י ט ש אוליאאנאוו (לענין) איז איינע פון די גרעסטע פערזענליכקייטען פון זיין צייט. איך דארף מיך דעריבער ניט פאר׳טענה׳ן דא, פארוואס איך געה ארונטער־צייכענען אייניגע פראגמענטען פון זיינע געשפרעכען, וועלכע אילוסטרירען, נאך מיין מיינונג, זיין געדאנקען־גאנג.

ער האט געהאלטען אין ריידען וועגען דעם דייגקער־מאנ־יעל אין דער ענגלישער ארבייטער־באוועגונג. ער האט געזאגט, אז ער האט איינמאל געהערט שאו׳ן ריידענדיג אויף א מיטינג. שאו, זאגט ער, איז א גוטער מענש, וועלכער איז אבער אריינ־געפאלען צווישען פאביאנער, און איז א סך לינקער, ווי זיינע פריינד. ער האט ניט געהערט וועגען דעם בוך „דהי פוירפעקט וואגנערייט״, אבער ער איז געווען פאראינטערעסירט ווען איך האב איבערגעגעבען איהם דעם אלגעמיינעם אינהאלט פונ׳ם בוך. ער איז אנגעפאלען אויף אן איינעם, וועלכער האט איבערגע־שלאגען אונזער געשפרעך מיט דער באמערקונג, אז שאו איז א קלאון.

— ער איז אפשר טאקי א קלאון פאר דער בורזשואזיע אין א בורזשואזנער געזעלשאפט, אבער מען וואלט איהם ניט געהאלטען פאר א קלאון אין א רעוואלוציע.

ער האט מיך געפרעגט, אויב ס י ד נ י ו ע ב ארבייט באוואוסטזיניג פאר די קאפיטאליסטישע אינטערעסען. ווען איך האב איהם געענטפערט, אז איך בין זיכער, אז ער טוט עס ניט באוואוסטזיניג, האט ל ע נ י ן געזאגט:

— דאן, הייסט עס, האט ער מעהר פליים, ווי שכל כאטש ער וויים דוקא א סך.

ער איז שטארק איבערצייגט, אז ענגלאנד געפינט זיך ערב א רעוואלוציע. ער האט אפגעלאכט פון מיינע געגען־טענות. „מיט דריי חדשים צוריק האב איך געטראכט, אז די גאנצע זאך ויעט זיך מוזען אויסלאזען מיט דעם, וואס די גאנצע וועלט וועט

מוזען קעמפען קעגען דעם צענטער פון רעאַקציע אין ענגלאַנד. אָבער איצטער דיינק איך אַנדערש. זאַכען האָבען זיך ענט־וויקעלט דאָרטען אַ סך וויטער, ווי אין פראַנקרייך, אויב מען קאָן נאָר גלויבען די נייעס וועגען דער גרויס פונ'ם סטרייק.

איך האָב איהם אָנגעוויזען אויף אַ סך אומשטענדען, געאָ־גראַפישע און עקאָנאָמישע, וועלכע וואָלטען געמאַכט כמעט פאַר אוממעגליך דעם ערפאָלג פון אַ גוואַלד־רעוואָלוציע אין ענגלאַנד. איך האָב פאַר איהם געמאַכט די זעלבע השערה, וואָס פאַר בו־כאַרינ'ען, נעמליך, אַז אַן אונטערדריקטע באַוועגונג אין ענג־לאַנד וואָלט געווען אַ סך ערגער פאַר רוסלאַנד, איידער אונ־זער טראַדיציאָנעלער קאָמפּראָמים־מעטאָד.

ער האָט גלייך איינגעשטימט, אָבער ער האָט געזאָגט:

— דאָס איז טאַקי אמת, אָבער מען קען ניט אָפּהאַלטען קיין רעוואָלוציע... כאָטש ר ע מ ז י מ ע ק ד אָ נ א ל ד וועט זיך באַמיהען עס צו טאָן אין דער לעצטער מינוט. סטרייקען און סאָוועטען. קוים נאָר וואָרצלען זיך די דאָזיגע צוויי מנהגים איין, וועט קיין קראַפט אין דער וועלט ניט זיין אימשטאַנד אָפּ־צוגעוואוינען די אַרבייטער פון זיי. און סאָוועטען, אויב נאָר זיי האָבען זיך באַוויזען אין אַ פּלאַץ, מוזען פריהער אָדער שפּעטער דערגרייכען צו דער העכסטער מאַכט". דאַן, „אָבער, עס פאַר־שטעהט זיך, אַז עס וואָלט געווען אַ סך שווערער אין ענגלאַנד. אייער גרויסער קלאַס פון פריקאַזטשיקעס און קרעמער וואָלט אַרויסגעוויזען אַ גרויסען ווידערשטאַנד, ביז דער אַרבייטער־קלאַס וואָלט איהם ביינעקומען. באמת'ן, רוסלאַנד איז טאַקי דאָס איינציגע לאַנד, וואו די רעוואָלוציע האָט זיך געקאָנט אָנ־הויבען. און אפילו מיר זיינען נאָך ניט פאַרטיג מיט אונזערע שוועריגקייטען מיט אונזער פּויערטום".

איך האָב אַרויסגעזאָגט אַ השערה, אַז איינע פון די אור־זאַכען, פאַרוואָס די רעוואָלוציע איז געווען מעגליך אין רוס־לאַנד, איז, דער אומשטאַנד, וואָס זיי האָבען געהאַט וואוהין צו אַנטלויפען.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט. — די גרויסע מהלכ'ס האָ־בען אונז געראַטעוועט. די דייטשען האָבען זיך דערשראָקען

פאַר זיי, אין דער צייט, וואָס זיי האָבען אונז פשוט געקאָנט אויפעסען, און דורך דעם קריגען דעם אַזוי־געוואונשטען שלום, וועלכען די אַליאירטע וואָלטען זיי זיכער געגעבען אויס דאַנק־באַרקייט פאַר דעם, וואָס זיי האָבען אונז פארטיליגט. אָבער אַ רעוואָלוציע אין ענגלאַנד וואָלט ניט געהאַט וואו צו אַנטלויפען.

וועגען די סאָוועטען האָט ער זיך אַזוי אויסגעדריקט:

— צוערשט האָב איך געדיינקט, אַז זיי זיינען און וועלען פאַרבלייבען אַ ריין־רוסישע פאָרם, אָבער איצטער איז עס גאַנץ קלאָר, אַז זיי מוזען זיין, ווען אפילו אונטער אַנדערע נעמען, די רעוואָלוציאָנס־אינסטרומענטען אומעטום.

ער האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז מען וועט מיך ניט לאָזען אין ענגלאַנד צו דערצעהלען דעם אמת וועגען רוסלאַנד. אַלס אַ ביישפּיעל האָט ער געבראַכט דעם פאַל מיט קוירנעל ראַבינס'ן, וועמען מען האָט פאַרמאַכט דאָס מויל אין אַמעריקאַ.

ער האָט ביי מיר געפרעגט וועגען ראַבינס'ן.

— איז ער אין דער אמת'ן געווען אַזוי פריינדליך צו דער סאָועט־רעגירונג, ווי ער האָט פּרעטענדירט?

איך האָב געענטפערט:

— יאָ. ווען אפילו נאָר אַלס אַ ספּאָרטסמען, וועלכער באַוואונדערט איהר מוט, קוראַזש און שוועריגקייטען.

איך האָב ציטירט ראַבינס'עס ווערטער:

— איך קען ניט אַרויסטרעטען קעגען אַ קינד, ביי וועמעס וויג איך האָב געוואַכט פאַר גאַנצע זעקס חדשים. אָבער אויב אַ באָלשעוויסטישע באַוועגונג וואָלט פאָרגעקומען אין אַמעריקאַ, וואָלט איך אַרויסגעגאַנגען אין גאַס, און געקעמפט קעגען איהר מיט מיין ביקס.

— וועל, — האָט לענין געזאָגט — אָט דאָס הייסט אַן עהרליכער מאַן, וועלכער זעהט אַ סך ווייטער, ווי אַנדערע. ער איז מיר אַלע מאָל געפעלען געוואָרען.

ער האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעלאַכט, און געזאָגט:

— דאָס דאָזיגע קינד... נאָך עטליכע מיליאָן מענשען האָבען אויף איהם געוואַכט.

ער האָט געלייענט, האָט ער מיר געזאָגט, און אַן ענגלישער

כאַציאַליסטישער צייטונג א פאַרגלייכונג צווישען זיינע טעאָ־ריעס מיט די, פון דעם אַמעריקאַנער, דניאל דע־ליאָן. ער האָט דאַן אנטליהען ביי ר י י נ ש ט י י נ'ע ן עטליכע פון דע־ליאָנ'ס פאַמפלעטען. ריינשטיין געהערט צו דער פּאַרטיי, וועלכע דע־ליאָן האָט געגריינדעט אין אַמעריקא. לענין האָט זיי געלייענט צום ערשטען מאָל. ער איז געווען ערשטוינט צו זעהן, ווי ווייט ד ע - ל י אָ ן, נאָך מיט א צייט צוריק, איז געקומען צו די זעל־ביגע געדאַנקען, וואָס די רוסישע טעאָרעטיקער. זיין טעאָריע, אז פאַרשטעהערשאַפט אין דער רעגירונג זאָל פאַנאַנדערגעטיילט ווערין לויט די אינדוסטריען, און ניט לויט געגענדען, איז דער קערן פון דער סאָוועטען־סיסטעם.

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט געזעהן אַמאָל דע־ליאָנ'ען אויף א קאָנפערענץ פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. דע־ליאָן האָט ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק. אַן אַלטער, גרויער מאַן, אומ־פעהיג צו אַדרעסירען אַזאַ עולם, אָבער, ווייזט אויס, א סך א גרעסער מענש ווי ער האָט אויסגעקוקט, ווייל זיינע בראָשורען זיינען געשריבען געוואָרען נאָך פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905.

מיט עטליכע טעג שפּעטער, האָב איך באַמערקט, אַז ל ע־נ י ן האָט אריינגעבראַכט עטליכע דע־ליאָנס פראַזען אין דעם נייעם פּראָגראַם־פּלאַן פון דער קאָמוניסטישער פּראַטיי, ווי ווע־לענדיג דערמיט אָפּצוגעבען כבוד דעם פאַרשטאָרבענעם פיהרער.

ריידענדיג וועגען די ליגענס, וואָס ווערען פאַרשפּרייט ווע־גען רוסלאַנד, האָט ער געזאָגט:

— עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקען, אַז דאָס זיינען ניט קיין בלויזע אויסטראַכטונגען, נאָר גיכער פאַלש־פאַרדרעהטע אמת'ן. אַלס א ביישפּיעל האָט איהר די לעצטע היסטאָריע, אַז איך בין געוואָרען א בעל־תשובה. ווייסט איהר פון וואַנען עס האָט זיך גענומען? איך האָב מיינעם א פריינד געוואונשען גליקליכען ניי־יאָהר דורכ'ן טעלעפאָן. איך האָב איהם צווישען אַנדערעס אויך געזאָגט: „לאָמיר האָפען, אַז קומענדיגען יאָהר וועלען מיר באַגעהן וויינינגער נאַרישקייטען, ווי דאָס פאַר־גאַנגענע יאָהר“.

„עמיצער האָט עם אונטערגעהערט און דערצעהלט נאָך איי־נעם. א צייטונג האָט דאן באריכטעט: „ל ע נ י ן זאָגט, אז מיר באגעהן נארישקייטען!“, און אזוי האָט זיך די געשיכטע אָנגעהויבען“.

---

מעהר ווי אימער, האָט אויף מיר לענין געמאכט דעם איינ־דרוק פון א גליקליכען מענש. געהענדיג אהיים פונ'ם קרעמלין, האָב איך מיך געפרואווט דערמאָנען אָן נאָך א מענשען פון זיין מאָס, וועלכער האָט געהאט אן עהנליכען פריידיגען טעמ־פעראמענט. איך האָב מיך ניט געקאָנט דערמאָנען אָן קיינעם.

דער דאָזיגער קליינער, פליכעוואטער, גערונצעלטער מאַן, וועלכער שטופט ארום זיין שטוהל אהער און אהין, לאכט אָט איבער איין זאך און אָט איבער אן אנדערער; וועלכער איז יעדע מינוט גרייט צו געבען אן עצה צו יעדען איינעם, וועלכער שלאָגט איהם נאָר איבער און פרעגט ביי איהם עפּעס, און די עצות זיינען אזוי קלאָר דורכגעטראכט, אז מען פאָלגט זיי גיכער, ווי א באפעהל, — אלע זיינע קנייטשען זיינען געלעכטער־קנייטשען, ניט קיין זאָרג־קנייטשען.

איך דיינק, אז דאָס ערקלערט זיך מיט דעם, וואָס ער איז דער ערשטער גרויסער פיהרער, וועלכער לאָזט אינגאנצען ארויס פון חשבון דעם ווערט פון זיין פערזענליכקייט. ער איז דורכ־אויס אָהן א פערזענליכער אמביציע. נאָך מעהר: זייענדיג א מארקסיסט, גלויבט ער אין דער באוועגונג פון די מאסען, וועל־כע, מיט אָדער אָהן איהם, וואָלטען זיך סיי־ווי־סיי באוועגט.

זיין גאַנצער גלויבען וואָרצעלט זיך אין די סטיכישע קראפ־טען, וועלכע באוועגען דאָס פאָלק. ער גלויבט אין זיך נאָר אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל ער שאצט ריכטיג אָפּ די ריכטונג פון די דאָזיגע כחות. ער גלויבט ניט, אז אירגענד וועלכער מענש וואָלט געקאָנט מאכען, אָדער אָפּשטעלען א רעוואָלוציע. זי איז אומפארמיידליך.

ער גלויבט, אז אויב די רוסישע רעוואָלוציע וועט זיין א דורכפאל, וועט עס זיין בלויז א צייטווייליגער דורכפאל, א דאנק געוויסע כחות, וועלכע שטעהן אויסער א מענשענ'ס קאָנטראָל.

ער פיהלט זיך דעריבער פריי, ווי קיין גרויסער מענש פאַר איהם האָט זיך געפיהלט. עס איז ניט אַזוי דאָס, וואָס ער זאָגט, וועלכעס מאַכט אונז גלויבען אין איהם. עס איז די דאָזיגע פרייהייט, די דאָזיגע באַשיינפּערליכע אָפּגעזונדערהייט. ער קען פאַר א מינוט ניט גלויבען, מיט זיין פילאָזאָפיע, אַז איין מענשען'ס א טעות זאָל זיין ביכולת צו רואינירען אַלץ. ער איז, פאַר זיך זעלבסט, אַלענפאַלס — בלויז דער אָנווייזער, אָבער ניט די סיבה, פון די פּאַסירונגען, וועלכע וועלען אויף אייביג בלייבען צונויפגעבונדען מיט זיין נאָמען.

## דער העכסטער ראַט פאַר געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע.

דעם צוואַנציגסטען פעברואַר.

היינט איז געווען ניט קיין מזל'דיגער טאָג. איך האָב געפיהלט מיד, הונגעריג און קראַנק. איך האָב אַראַנזשירט געשפּרעכען מיט ר י ק אָ ו ו'ן, דעם פּאָרזיצענדען פון דעם העכסטען ראַט פאַר געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע, און מיט ק ר ע ס ט י נ ס ק י'ן, דעם פינאַנץ־קאָמיסאַר, און אין אַזעלכע אומבאַקוועמע שטונדען, אַז איך האָב ניט געקענט גאָרניט קריגען צו עסען אָדער טרינקען ביז נאָך פיער אַזייגער. צוויי אַזעלכע געשפּרעכען אויף א לײדיגען מאָגען (ווייל נעכטען האָב איך דורכ'ן גאַנצען טאָג געהאַט בלויז איין טעלער זופּ און א קליין שטיקעל פיש) זיינען געווען אַביסעלע צופיעל פאַר מיר, און איך האָב מורא, אַז איך האָב ניט געקראָגען אַזוי פיעל אינפאָרמאַציע, ווי איך וואָלט געווען געקראָגען אונטער גינסטיגערע אומשטענדען.

גאַנץ פריה בין איך אַוועקגעפאָהרען אין דעם גרויסען סיבירער האָטעל, וואו עס געפינען זיך איצטער די הויפּט־קוואַרטירען פון דעם העכסטען ראַט פאַר געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע. דער לעצטער ראַט, קאָנטראָלירענדיג אי די פּראָדוקציאָן, אי די פאַנאַנדערטיילונג, איז איצט דער צענטער פון דער קאָנסטרוקטיווער אַרבייט, וועלכע געהט אָן איבער'ן גאַנצען לאַנד. עס ווערט געפּלאַנעוועט, דערצעהלען מיר די טעאָרעטיקער,

אַז דער דאָזיגער ראַט זאָל ווערען די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פונ'ם שטאַאַט. די סאָוועטען וועלען נאַטירליכערווייזע ווערען אַלץ וויי̈ניגער און וויכטיג אַלס אינסטרומענטען פונ'ם פּאָליטישען איבערגאַנג, ווען דער דאָזיגער איבערגאַנג וועט פאַרענדיגט ווערען און דער קאַמף קעגען דער אינערליכער און דער אויסערליכער רעאַקציע וועט קומען צו אַן ענד.

דאַן וועט די הויפּט־באַשעפטיגונג פונ'ם שטאַאַט ניט זיין צו פאַרטיידיגען זיך קעגען פיינד, נאָר צו ענטוויקלען זיך עקאָ־נאָמיש, צו פאַרגרעסערען זיין פּראָדוקטיוויטעט און צו פאַר־בעסערען די מאַטעריעלע לאַגע פון די אַרבייטער, פון וועלכע ער באַשטעהט.

אַלע דיזע אויפגאַבען געהערען צו דעם העכסטען ראַט פאַר געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע, און ווען דער ביטערער קאַמף וועט פאַרשווינדען, וועט דיזע קערפּערשאַפט, וועמעס געבורט איז כמעט ניט באַמערקט געוואָרען אין דעם טומעל פונ'ם שלאַכט, ווערען אַלץ וויכטיגער און וויכטיגער אין פאַרגליי־כונג מיט די סאָוועטען, וועלכע זיינען אייגענטליך ניט קיין קאָנסטרוקטיווע אָרגאַניזאַציעס, נאָר רעוואָלוציאָנס־אינסטרו־מענטען, און די שווערסטע עטאַפּען פון דער רעוואָלוציע זיינען שוין דורכגעמאַכט געוואָרען.

לאָמיר דאָ אַביסעל דערצעהלען וועגען דעם יחוס פון דיזען ראַט. ער ווערט איצט באַטראַכט אַלס דער עקאָנאָמישער דע־פּאַרטמענט פונ'ם אַל־רוסישען צענטראַלען עקזעקוטיוו־קאָמי־טעט. ער איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער דאָזיגער קערפּער־שאַפט און אויך פאַר'ן ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרען. ער רעגולירט די גאַנצע פּראָדוצירונג און פאַנאַנדערטיילונג. ער באַריכטעט וועגען די פאַרשידענע אָפּשאַצונגען פונ'ם רעגירונגס־בודזשעט, און, אינאיינעם מיט די קאָמיסאַריאַטען פון פינאַנץ און רעגירונגס־קאָנטראָל, פינאַנסירט ער אַלע צווייגען פון דער געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע.

ער באַשטעהט פון 69 מיטגלידער, וועלכע ווערען פאַנאַנ־דערגעטיילט אויפ'ן פאָלגענדען אופן:

צעהן רעפּרעזענטאַנטען פונ'ם אַל־רוסישען עקזעקוטיוו־

קאָמיטעט. דרייסיג פונ׳ם אַל־רוסישען אינדוסטריעלען פּראָ־דוקטיוו יוניאָן (אַ פאַראייינגונג פון אַלע טרייד־יוניאָנס).

צוואַנציג רעפּרעזענטאַנטען פון די צעהן דיסטריקט־ראַטען פאַר געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע.

ווייַ רעפּרעזענטאַנטען פונ׳ם אַל־רוסישען ראַט פון די אַרבייטער־קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען.

צו איין רעפּרעזענטאַנט פון יעדען פון די פאָלגענדע קאָ־מיסאַריאַטען: קאָמיסאַריאַטען פון זאַפּאַסען, קאָמוניקאַציע, אַרבייט, אַגריקולטור, פינאַנץ, האַנדעל און אינדוסטריע, און אינערליכע אַנגעלעגענהייטען.

דער ראַט קלויבט זיך צונויף אַמווייניגסטען איין מאָל יעדען חדש. זיין אַרבייט ווערט אָנגעפיהרט דורך אַ פּרעזידיום פון ניין מיטגלידער, אַכט פון וועלכע ווערען אויסגעקליבען דורכ׳ן ראַט גופא. דער פּאַרזיצענדער ווערט ערוועהלט דורכ׳ן אַל־רוסישען צענטראַלען עקזעקוטיוו קאָמיטעט, און האָט דעם ראַנג פון אַ פאָלקס־קאָמיסאַר, אָדער אַ מיניסטער.

איך האָב געהאַט אַ לאַנגען געשפּרעך מיט ריקאָוו׳ן, דעם פאַרזיצענדען פונ׳ם ראַט. ריכטיגער — איך האָב אויסגעהערט אַ לאַנגע לעקציע פון איהם. בלויז זעלטען איז עס מיר געלונגען איהם אָפּצושטעלען מיט אַ פראַגע. ער שטאַמעלט אביסעל, און רעדט אַזוי ניט־דייטליך, דאָס איך בין צום ערשטען מאָל געווען גרייט מוחל צו זיין די געוועהנליכע רוסען, וועלכע ריידען כמעט אַלעמאָל אַזוי ווי זיי זעלבסט וואָלטען געווען אין פּ ע ט ר אָ־ג ר אַ ד, און זייער צועהער — אין װ ו ל אַ ד י ו ו אָ ס ט אָ ק.

אַ טייל פון דעם, וואָס ער האָט מיר געזאָגט, געפינט זיך שוין אין דעם פריהער־געשריבענעם. נאָר חוץ דעם, וואָס ער האָט פאַר מיר אָנגעצייכענט די אַלגעמיינע ציעלען פונ׳ם ראַט, האָט ר י ק אָ ו ו אויך גערעדט וועגען רוסלאַנד׳ס איצטיגער עקאָ־נאָמישער לאַגע.

— די רוסישע אינדוסטריע געפינט זיך אין דעם איצטיגען מאָמענט אין אַ שווערער לאַגע, מחמת דעם קויהלען־קריזיס. דער דאָזיגער קריזיס נעמט זיך טיילוויז דערפון, וואָס די טשע־כען און די רעאַקציאָנערען, וועלכע געברויכען די טשעכען צו

פאַרשטעלען זיך, קאָנטראָלירען די אוראַלער קויהלען־פעלדער, און אויך טיילווייז דערפון, וואָס די דייטשע אָקופּירונג פון אוקראַינע, צוזאַמען מיט קראַסנאָוו׳ס טעטיגקייט, האָבען אָפּגעשניטען סאָוועטען־רוסלאַנד פונ׳ם דאָנעצער קויהלען־צענטער. דער לעצטער פלעגט אַמאָל זיין דער הויפּט קויהלען־זאַפּאַס, הגם אין די אַלטע טעג פלעגט פּעטראָגראַד אויך קריגען קויהלען פון ענגלאַנד. עס איז אָבער קלאָר איצטער אַז, מיט אַ פריינדליכער אוקראַינע, וועלען מיר זיין אימשטאַנד צו גע־ברויכען דעם דאָנעץ־ראַיאָן אַ סך שנעלער, ווי מיר האָבען ער־וואַרטעט.

דער ברעסט־ליטאָווסקער פריעדען, וועלכער האָט אַזוי פיעל ביי אונז צוגענומען, האָט אונז געצוואונגען באַטראַכטען די לאַגע פון די אינדוסטריעלע צענטרען פון גאָר אַ נייעם שטאַנדפּונקט. מיר זיינען פעסט באַשלאָסען צו מאַכען פּעטראָגראַד און מאָסקווע אונאַבהענגיג פון דעם הייץ־מאַטעריאַל, וועלכער פלעגט געבראַכט ווערען פון ווייטע ערטער. אַרבייט געהט איצטער אָן פאַר דער אויסנוצונג פון וואַסער־קראַפט כדי צו פאַרזאָרגען די פּעטראָגראַדער פאַבריקען מיט עלעקטרישער ענער־גיע, אויף אַן עהנליכען אופן ווערט געפּלאַנעוועט די עלעקטרי־פיצירונג פון מאָסקווע.

איך האָב ביי איהם געפרעגט, ווי אַזוי זיי וועלען קריגען די מאַשינעס. ער האָט געענטפערט, אַז זיי וואָלטען, פאַרשטעהט זיך, זיי בעסער געוואָלט קויפען אין אויסלאַנד, אָבער, אויב דאָס איז אוממעגליך, וועט די אַרבייט איבער דעם ניט אָפּגע־לייגט ווערען, ווייל זיי קענען מאַכען אַן אָנהויב מיט די מאַ־שינען, וואָס זיי פאַרמאָגען איצטער. אינ׳ם ערגסטען פאַל, וועלען זיי מאַכען זייערע אייגענע מאַשינען.

—דאָס איז איין רעזולטאַט פון רוסלאַנד׳ס לאַנגער איזאָ־לירונג — האָט ער געזאָגט. — איהר אָבהענגיגקייט פונ׳ם אויסלענדישען אימפּאָרט ווערט וואָס אַמאָל אַלץ ווייניגער.

ער האָט געבראַכט אַ ביישפּיעל פון זאַלץ. דאָס דרינגענ־דיגע נויטיגען זיך אין זאַלץ האָט געפיהרט צו דער עפענונג פון אַ נייער אינדוסטריע. איצטער איז רוסלאַנד אימשטאַנד ניט

נאָר צו באַזאָרגען זיך זעלבסט מיט זאַלץ, נאָר זי איז אפילו ביכלות צוצושטעלען זאַלץ פאַר דער גאַנצער וועלט, אויב נויטיג.

איך האָב ביי איהם געפרעגט, וואָס פאַר אַ פּלענער האָבען זיי שוין פאַרטיג פאַר דער באַלדיגער עלעקטריפיצירונג פון מאָסקווע. ער האָט געענטפערט, אַז לעבען מאָסקווע געפינט זיך ניט קיין וואסער־קראַפט, נאָר עס זיינען דאָ גרויסע טאָרף־פּלאַסטען, וועלכע וועלען געברויכט ווערען, אַלץ הייץ־מאַטע־ריאַל. כדי מען זאָל ניט דאַרפען אָפּשטעלען די שטאָדט־באַ־לייכטונג פון די שוין עקזיסטירענדע קראַפט־סטאַנציעס, נוצען זיי די עלעקטרישע מאַשינעס פון די פּ ר אָ ו ו אָ ד נ י ק־ פאַב־ריקען, וועלכע וועלען קענען צושטעלען גענוג עלעקטריציטעט פאַר דער שטאָדט־באַלייכטונג. אַזוי שנעל ווי די לעצטע מאַ־שינען וועלען איינגעשטעלט ווערען און פונקציאָנירען, וועלען זיי אַריבערפיהרען די עקזיסטירענדע קראַפט־סטאַנציע אויף איהר נייעם פּלאַץ לעבען די טאָרף־בעטען. אַזויערנאָך פאַרהאָ־פען זיי איינצופיהרען דעם דאָזיגען איבערבייט פון קויהלען צו טאָרף, ניט דאַרפענדיג פאַראומבאַקוועמליכען דאָס געוועהנליכע לעבען פון דער שטאָדט. שפּעטער אביסעל, ווען אַלץ וועט זיך איינאָרדנען, וועלען זיי קריגען אַ נייע מאַשינען־סיסטעם.

איך האָב איהם געזאָגט:

— עס איז דאָך פאַרשטענדליך, אַז איהר מוזט דערביי האָ־בען אַ טאָפּעלטען צוועק. איהר וועט ניט נאָר פאַרמינדערען די אָפּהענגיגקייט פון די אינדוסטריעלע צענטרען אָנ'ם הייץ־מאַ־טעריאַל, וועלכער דאַרף געבראַכט ווערען פון אַ ווייטען מהלך, און וועלכען איהר קאָנט אָפטמאָל ניט קריגען, נאָר איהר וועט אויך פאַרגרינגערען די טראַנספּאָרט־שוועריגקייטען?

— יאָ, — האָט ער געענטפערט. — דאָס לעצטע איז טאַקי ביי אונז איינע פון אונזערע גרעסטע פּראָבלעמען, און עס היג־דערט אונז פון גאָר אַ סך זאַכען. אָבער דעם טראַנספּאָרט קאָ־נען מיר ניט פאַרבעסערען אָהן אויסערליכער הילף. מיר טוען דעריבער אַלץ מעגליכעס, כדי צו געברויכען די אָרטיגע נאַטירלי־כע קוואַלען. מיר ענטוויקלען אפילו די קויהלען־גריבער לעבען מאָסקווע, וועלכע זיינען פון אַ סך אַן ערגערער קוואַליטעט, ווי

די ד אַ נ ע צ ע ר קויהלען. די דאָזיגע קויהלען־גריבער זייַנען אין די אַלטע צייטען אומישנע פאַרשאַטען געוואָרען דורך די דאַנעצער קויהלען־אייגענטימער, וועלכע האָבען געוואָלט האַבען די גאַנצע קויהלען־מאָנאָפּאָליע.

איך האָב איהם געפרעגט, אויב עס איז זיין מיינונג, אַז רוסלאַנד קאָן זיך איינאָרדנען אָהן אויסלענדישער הילף. ער האָט געענטפערט:

— איך דיינק, אַז זי וועט עס מוזען טאָן. מיר נויטיגען זיך אין דאַמף־טשערעפּאַקעס, אין דאַמף־עקסקאַוואַטאָרס, און מעהר פון אַלץ—אין לאָקאָמאָטיוועז, אָבער עס איז דאָ זעהר אַ קליינע האָפנונג, אַז מיר זאָלען זיי קענען קריגען אין דער נאָהענטער צוקונפט. די מלחמה האָט אַזוי דיסאָרגאַניזירט די מערב־אייראָפּעאישע אינדוסטריעס, אַז מיר גלויבען קוים, אַז זיי וועלען זיין אימשטאַנד צו באַזאָרגען זייערע אייגענע נויטען.

בשעת מיר האָבען געהאַלטען אין ריידען, איז אַריינגעקומען בערג, דער סעקרעטאַר. איך האָב ביי איהם געפרעגט, ווי ווייט ער פּראָגרעסירט מיט זיינע סאָוועט־שוועבעלאַך. ער האָט מיר געענטפערט, אַז די לייבעלס ווערען איצטער געדרוקט, און אַ גרויסער טייל שוועבעלאַך וועט פאַרטיג ווערען גאָר אינגיכען. זיי וועלען פאַנאַנדערגעטיילט ווערען לויט דער קאַרט־סיסטעם, און ער האָט אויסגערעכענט, אַז מען וועט זיי קענען פאַרקויפען צו צוועלף קאָפּיקעס אַ פּעקעל. איך האָב אין ב י ע ל אָ ס־ט ר אַ ו ו אָפּגעצאָהלט אַ רובעל פאַר אַ שאַכטעל געוועהנליכע שוועבעלאַך, און דאָ האָב איך אָפּגעצאָהלט אַ רובעל און אַ האַלב.

## קעמפענדיג מיט רואינירונג.

נאָכדעם ווי איך האָב פאַרלאָזען ר י ק אָ ו ו'ן, בין איך אוועקגעגאַנגען זעהן ק ר ע ס ט י נ ס ק י'ן, דעם קאָמיסאַר פון פינאַנצען, דער זאָנדערבאַרער אָפּטימיסט'ל, וועמעס באַריכט וועגען דעם אויסעראָרדענטליכען שטייער איך האָב געהערט אויפ'ן לעצטען מיטינג פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

איך האָב איהם געפונען אויף א י ל י נ ק א גאַס, אינ׳ם כינעזישען קווארטאל. איך האָב אָנגעהויבען מיין געשפּרעך מט דער באמערקונג, אז איך גלויב ניט, אז זיי מיינען טאקי ערנסט צו באצאָהלען זייערע חובות.

ער האָט זיך פאנאנדערגעלאכט און האָט מיר געגעבען פּונקט יענעם ענטפער, וועלכען איך האָב ערוואַרטעט:

— עס פארשטעהט זיך, אז מיר האָפען, אז אין אנדערע לענדער זאָל אויך אויסברעכען א רעוואָלוציע, אין וועלכען פאל זיי וועלען זיך ענטזאגען צו צאָהלען זייערע חובות, אין אונז מוחל זיין אונזערע. אָבער אויב דאָס וועט ניט פּאסירען, ווייסען מיר גאנץ גוט, אז מיר וועלען מוזען באצאָהלען, און מיר זיינען גרייט צו באצאָהלען און זיינען אימשטאנד צו באצאָהלען — אין קאָנצעסיעס, אין רויהען מאטעריאל, אין וועלכען זיי נויטיגען זיך מעהר ווי אין גאָלד.

דאמאָלסט, ניט זייענדיג קיין עקאָנאָמיסט אָדער טעאָרעטישער סאָציאליסט, האָב איך איהם אָנגעוויזען דאָס, וואָס אַן ענגלענדער, וועלכער איז געווען בײדע זאכען, האָט מיר געזאָגט אין שטאָקהאָלם, און דאָס איז: אז די רוסישע סאָוועט־רעגירונג, זייענדיג אָפּגעזונדערט פונ׳ם אייראָפּעאישען פינאנץ, וועט מוזען אונטערגעהן כאָטש בלויז צוליעב עקאָנאָמישע און פינאנציעלע גרונדען.

ער האָט געענטפערט:

— דאָס וואָלט זיכער געווען דער פאל, אויב שטייגענדע פּרייזען, שטייגענדע שכירות וואָלטען אין דער זעלבער צייט געמיינט א פאַרגרעסערטע נאָכפראגע נאָך פּאפּיר־געלט, וועלכען מיר וואָלטען געמוזט דרוקען אין אומגעהויערע סומען. נאָר, כאָטש מיר זיינען טאקע געצוואונגען איצט צו דרוקען אַלץ מעהר און מעהר געלט, געהט אין דער לעצטער צייט אָן אַנדער פּראָצעס, וועלכער וועט סוף כל סוף ברייננגען דעם דאָזיגען צושטאנד צו אַן ענד. פּונקט ווי אין אונזערע מסחרים מיט אַנדערע לענדער, אָנשטאָט צו צאָהלען מיט געלט, צאָהלען מיר מיט וואַרע; אזוי הערט אויך אויף דאָס געלט אין אונזער אייגען לאַנד צו זיין דער איינציגער אויסטויש־מיטעל.

ביסלעכווייז הויבען אָן אונזערע ארבייטער צו קריגען זייער געצאָהלט אין אנדערע פאָרמען, אויסער געלט. הייזער, למשל, באַלייכטונג און באהייצונג זיינען בלויז אָן אָנפּאַנג. די אויפ־גאבע פון צופרידענשטעלען דעם ארבייטער׳ס נויטען אָהן דעם געברויך פון געלט איז פארהעלטניסמעסיג גרינג, ווייל די דאָ־זיגע זאכען זיינען רעגירונגס־מאָנאָפּאָליעס. די הויפּט־שוועריגקייט איז אָבער, פארשטעהט זיך, דאָס צושטעלען פון שפּייז־פּראָדוקטען. דאָס ווענדעט זיך שוין אָן דעם, צי מיר קענען אָנהאַלטען דעם סחורות־אויסטויש מיט די דערפער. אויב מיר וועלען זיי קאָנען צושטעלען פאבריק־פּראָדוקטען, וועלען זיי אונז צושטעלען שפּייז. מען קאָן כמעט זאָגען, אז אונזער רואינע אָדער רעטונג הייננט אָפּ פון דעם וועט־לויף צווישען דעם פאלענדען ווערט פון געלט (מיט׳ן רעזולטאט, אז מיר מוזען דרוקען פּאפּיר־געלד אין אלץ גרעסערע קוואַנטיטע־טען), און אונזער וואקסענדער מעגליכקייט צו באַגעהן זיך איג־גאַנצען אָהן געלט. דאָס איז בלויז, פארשטעהט זיך, א ברייטער אויסזיכט. אָבער איהר דארפט ניט גלויבען פאַר איין מי־נוט, אז מיר ערוואַרטען צו באַגעהן זיך אָהן געלט אין דער נאָ־הענטער צוקונפט. איך באַווייז אייך דאָ בלויז די צוויי הפּוכ׳דיגע טענדענצען, אויף וועלכע עס שטיצט זיך אונזער עקאָנאָמישער מזל.

איך וועל דאָ ניט איבערגעבען, וואָס ער האָט מיר געזאָגט וועגען דעם אויסעראָרדענטליכען שטייער, וואָס איז בלויז גע־ווען א ווידערהאָלונג פון רעם, וואָס איך האָב איהם געהערט זאָגען אויף דער זיצונג פון׳ם קאָמיטעט. אָבער ריידענדיג וועגען דעם, האָט ער געמוזט צוגעבען, אז קאפּיטאַליזם און פּראָ־פיטירונג זיינען זעהר שווער אויסצואוואָרצלען. עס קומט זיי אוים צו האָבען גרויסע שוועריגקייטען אין פּאקען, וואָס ער האָט אָנגערופען „די נייע בורזשואזיע״, דאָס הייסט, די ספּעַ־קולאַטאָרס, וועלכע זיינען נתעשר געוואָרען זינט דער רעוואָלו־ציע, פארקויפענדיג די ווינציגע שפּייז־פּראָדוקטען צו פאנטאַס־טישע פּרייזען. עס איז שווער ארויסצולייגען אויף זיי א שטייער, ווייל זיי פיהרען אָן זייערע געשעפטען אין געהיים, און עס

איז אויך כמעט אונמעגליך אויסצוגעפינען ווער זיי זיינען. זיי ליגען ניט אריין זייערע געלדער אין די ביינק. עס איז גע־מאכט געוואָרען א פּארזוך אויסצוגעפינען ווער זיי זיינען דורך די הויז־קאָמיטעטען, נאָר אפילו די דאָזיגע קאָמיטעטען זייגען ניט געווען ביכולות זיי אויסצוגעפינען.

זיי ווילען אָבער שוין זיין געצוואונגען אָפּצוגעבען זייערע שווינדלערישע פּארדיענסטען ווען דער מיטעל, וועלכען ס אָ ־ ק א ל נ י ק א ו ו האָט צום ערשטען פּאָרגעשלאָגען לעצטען זומער, וועט אריינגעהן אין דער פּראקטיק. דאָס איז אן אל־געמיינער אויסטויש פון דעם אלטען געלט פאר נייעם. נאָך דעם דאָזיגען אויסטויש וועט דאָס אלטע געלט ערקלערט ווע־רען פאר פּסול.

— פּארשטעהט זיך, האָט ק ר ע ס ט י נ ס ק י צוגע־געבען, זיי ווילען אונז אָפּנארען אויף יעדען מעגליכען אופן, פּאנאנדערשפּרייטענדיג זייער געלט צווישען זייערע קרובים און באקאנטע. אָבער עפּעס וועט מוזען געטאָן ווערען כדי אויסצו־רייניגען זיי, און א צווייטער געלט־אויסטויש וועט פּאָרקומען שפּעטער.

פופצעהן מיליארד נייע באנק־בילעטען ווערען איצטער געדרוקט פאר׳ן ערשטען אויסטויש, אָבער זיי דיינקען, אז עס וועט נויטיג זיין ארום צוואנציג מיליארד נייע באנק־בילעטען.

איך האָב געפרעגט, אויב דאָס נייע געלט קוקט אויס בע־סער, ווי דאָס אלטע, אויב עס האָט דעם אויסזעהן פון געלט, וועלכעס עס לוינט זיך צו האלטען, אָדער ווי יענע מי־זעראבעלע קליינע בילעטלאך, וועלכע זיינען געדרוקט געוואָרען אין די צייטען פון דער צ י י ט ו י י ל י ג ע ר רעגירונג, און וועלכע די באפעלקערונג האָט שפּאָטיג אָנגערופען „קע־רענקים“.

ק ר ע ס ט י נ ס ק י האָט געענטפערט, אז ער האָט מורא, אז זיי ווילען ניט אויסקוקען איי־אייגיג, נאָר זיי האָ־פען אז דער לעצטער אויסטויש זאָל געמאכט ווערען אין אזא פּאפּיר־געלט, וועלכער זאָל שוין פּארבלייבען. זיי ערווארטען ניט, אז די „קרעדיטקעס“ פונ׳ם ערשטען אויסטויש זאָלען אויך

צירקולירען אין אויסלאנד, אָבער די קרעדיט־בילעטען (פאפיר־געלט) פונ'ם צוווייטען אויסטויש וועלען האָבען אויף זיך א רע־גירונגס־אבליגאציע, און עס ווערט ערוואַרטעט, אז זיי וועלען אריינגעהן אין דער אלגעמיינער געלט־צירקולאציע.

ער האָט, שמייכלענדיג, צוגעגעבען, אז די ווערטער: „פּראָ־לעטאריער פון אלע לענדער — פאראייניגט אייך!" וועלען זיין געדרוקט אויף די דאָזיגע קרעדיט־בילעטען אין אכט שפּראכען. די פראגע וועגען דעם אויסזעהן פון די קרעדיט־בילעטען, וועגען דעם, צי זיי וועלען קאָנען ארויסרופען דרך־ארץ מיט זייער בלויזען אויסזעהן, איז פון א גרויסער וויכטיגקייט אין א לאנד, וואו אזא גרויסער טייל פון דעם פויערטום וועט אורטיילען זייער ווערט בלויז נאָך דעם דאָזיגען סימן.

איך האָב איהם דערמאָנט וועגען דער פיינדליכקייט, וועלכע איז ארויסגערופען געוואָרען אין עטליכע דערפער דורך די טעות'ן, וועלכע זיינען געמאכט געוואָרען ביי דעם פאנאנ־דערטיילען און צונויפזאמלען פונ'ם אויסערארדענטליכען שטייער. די דאָזיגע טעות'ן — אזוי האָבען מיר פארזיכערט עט־ליכ:ע קאָמוניסטען — וועלען זיי מעהר קאָסטען פּאָליטיש, ווי־פיעל ער איז פאר זיי אינגאנצען ווערט געווען.

איך האָב ביי איהם געפרעגט:

— וועט איהר ניט האָבען קיין שוועריגקייטען אין דורכ־פיהרען דעם געלט־אויסטויש, און ריזיקירט איהר ניט, אז מיט דעם וועט איהר פארזאָרגען די רעאקציאָנערען מיט א נייעם גרונט פאר אגיטאציע?

ער האָט מיר געענטפערט, אז זיי וועלען, פארשטעהט זיך, ניט מאכען דעם דאָזיגען פארזוך, איידער זיי וועלען זיך פיה־לען גענוג זיכער פּאָליטיש אויף צו קענען איהם דורכפיהרען.

— אויב דער דאָזיגער מיטעל — האָט ער מיר געזאָגט — וועט געווי ערקלערט ווערען צו די פויערים אין די דערפער, איז ניטאָ קיין גרונט מורא צו האָבען. ער וועט בלויז אָנריהרען די רייכע, און דעריבער בלויז דעם קליינעם מעוט פונ'ם פויערטום. עס וואָלט געווען עפּעס אנדערש, אויב דער דאָזיגער מיטעל וואָלט געברויכט געוואָרען דורך די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען,

ווייל זיי וואָלטען ניט געמאַכט קיין אויסנאַמע פאַר די אָרימע. אויב ק אָ ל ט ש אַ ק און זיין חברה וואָלטען אונז אומגעוואָרפען, און פאַרזוכט איינצופיהרען זייער געלט, אנשטאַט אונזערס, וואָלט זייער האַנדלונג אָנגעריהרט אי די רייכע, אי די אָרימע, אי די מאַיאָריטעט, אי די מינאָריטעט. ווען אפילו עס וואָלטען ניט עקזיסטירט קיין הונדערט אַנדערע אורזאַכען, וועלכע גאַראַנטירען אונז די אומזיכערהייט פון זייער פּאָזיציע, וואָלט דער בלויזער פאַקט, אַז זיי וועלען ניט קענען פאַרווערען אונזער געלט, ניט דערוועקענדיג מיט דעם די גרעסטע אָפּאָזיציע אין די מאַסען איבער'ן גאַנצען לאַנד, געווען אַ גענינענדע אורזאַכע פאַר זייער אומזיכערהייט.

איך האָב איהם געפרעגט, אויב דאָס איז ניט געווען דער טעם פאַרוואָס זיי ווילען דרוקען אויף די קרעדיט־בילעטען דעם מאָטאָ: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער—פאַראייניגט אייך!“ ווייל די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען, בשום אופן ניט קענענדיג דולדען געלט, וועלכעס טראָגט אויף זיך אַזאַ אויפשריפט, וועלען זיין געצוואונגען צו נעמען אַ שריט, וועלכער וועט זיי ברייגגען אומגליק.

ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און געזאָגט, אַז ער גלויבט ניט אין דער וואַהרשיינליכקייט פון אַ קאָנטר־רעוואָלוציע, סיידען דורך דער פרעמדער אריינדרינגונג. אָבער אויך דאָס איז פּאָליטיש אונמעגליך.

## טשעכאָוו'ס אַ פּיעסע.

דעם 21טען פעברואַר.

איך האָב געזעהן ט ש ע כ אָ ו ו 'ס „אָנקעל וואַניאַ“, געשפּיעלט דורך דער טרופּע פונ'ם קינסטלערישען טעאַטער אין דער ע ר ש ט ע ר ס ט ו ד י אָ. דאָס איז אַ קלייניגקער טעאַטער, וועלכער נעמט אריין בלויז צוויי הונדערט לייטע. עס פאַרשטעהט זיך — ער איז געווען געפּאַקט. עס איז געווען אינטערעסאַנט צו זעהן, ווי פאָלשטענדיג די רעוואָלוציע איז געווען אין אַ געזעלשאַפטליכען זין. עס איז געווען אונמעגליך

צו טרעפען צו וועלכען קלאַס אין די פאַר־רעוואָלוציאָנערע ציי־טען עס האָט געהערט אירגענד וועלכער פון די צווישוייער.

עס האָט זיך געפונען דאָ אַ היבשליכע צאָהל יונגע אָפּי־צירען פון דער רויטער ארמיי. זייער שעהנע ספּריטנעקייט האָט אויף מיר געמאַכט זעהר אַ גוטען איינדרוק.

ווארטענדיג אויפ׳ן אויפהויבען זיך פונ׳ם פאָרהאַנג, האָב איך געטראַכט וועגען דעם, ווי די גייסטיגע שטעלונג פונ׳ם פאָלק האָט זיך געביטען. מיט אַ יאָהר צוריק האָבען מיר גע־לעבט, מיט פרייד אָדער פאַרצווייפלונג, אויף אַ ווולקאַן, וועלכער האָט געקענט אָנהויבען שפּייען יעדען טאָג, און אוועק־טראָגען מיט פייער דאָס גייע לעבען, איידער מען האָט זיך נאָך צוגעוואוינט צו איהם. איצטער איז די געפאַהר פון אַ קאָנטר־רעוואָלוציע געוועז טויזענטער מיילען ווייט, אויף די פאַרשיי־דענע פראָנטען. דאָ, אינ׳ם צענטער, איז די רעוואָלוציע געוועז אַ פאַקט. די מענשען האָבען אויפגעהערט צו פרעגען, ווען זי וועט זיך ענדיגען, האָבען זיך אָנגעהויבען אריינצופּאַסען אין זייערע פּלעצער אונטער דער נייער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, און האָבען הנאה געהאַט פון זייערע פאַרגעניגענס, ניט ווי זיי וואָלטען געריסען בלומען אויפ׳ן וועג צו זייער טויט־אורטייל, נאָר אין דעם געוועהנליכען רוטין־אופן פון לעבען.

די פּיעסע איז גוט באַקאַנט. עס איז אַ דראַמע אויס דעם לעבען פון דער קליין־בירגערליכער געזעלשאַפט אין אַ קליינעם שטעדטעל. אַן אָרימער גוט־באַזיצער, וועלכער שפּאָרט צוזאַ־מען אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע פאַר אַן עלטערען ברודער אין שטאָדט און פּלוצלונג ווערט איהם קלאָר, אַז זיין ברודער איז ווייט ניט יענער געניע, צוליעב וועמען עס לוינט זיך צו בריינ־גען אַזאַ קרבן; אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט ליעב וואַלד־וויסענ־שאַפט און חלומ׳ט וועגען דער צוקונפט; די ווייב פון דעם יונ־גען כלומר׳שט־געניע; זיין שוועסטער; זיין פאַרגעטערנדיגע מוטער; די אַלטע אַם, — די דאָזיגע אַלע מענשען פּאַראור־זאַכען איינער דעם אַנדערען ליידען יעדער אויף זיין אופן. ט ש ע כ אָ ו ו ׳ ס איראָניע צייגט אונז גע׳פּטר׳טע לעבענס, האָפנונגסלאָזיגקייט, אַ צו־איבערטריבענעם אינטערעס אין

פערזענליכקייטען; אומזיסטיגע קאַמפען פאַר אַ בעסערער אויס־דריקונג פון „איכ׳ס“, וועלכע זיינען ניט ווערט, מען זאָל זיי אויסדריקען.

די פיעסע האָט איצטער אויסגעזעהן אַזוי ווייט פון אונז, ווי אַ פיעסע פונ׳ם אַלטען רעזשים אין פראַנקרייך וואָלט אויס־געזעהן מיט אַ פינף יאָהר צוריק. אַן אָפּגרונט איז אַריבערגעשפאַנט געוואָרען. די פיעסע איז געוואָרען אַ שפּיעל, וואָס האָט שוין אַ היסטאָרישע באַדייטונג. דאָס לעבען, וועל־כען זי שטעלט פאָר, איז אויף אייביג פאַרשוואונדען. מענשען אין רוסלאַנד האָבען שוין מעהר ניט קיין צייט פאַר אַזעלכע פריוואַטע לעבענס. אַזעלכע מענשען עקזיסטירען שוין בכלל ניט: איינִיגע פון זיי זיינען אַוועקגעשלעפּט געוואָרען אינ׳ם רעוואָלוציאָנערען שטראָם און אַרבייטען אַזוי, ווי עס האָט זיך זיי קיינמאָל ניט גע׳חלומ׳ט. אַנדערע, ווייניגער דאַנקבאַרע, זיינען צובראָכען געוואָרען און אַוועקגעוואָרפען געוואָרען אָן אַ זייט. די רעוואָלוציע איז געווען גרויזאַם צו אייניגע, און גע־געבען ניי לעבען צו אַנדערע. זי האָט אַזוי טיכטיג אַוועקגע־טראָגען יענעם אַלטען לעבען, אַז, וואָס עס זאָל ניט ווייטער פאַסירען, וועט עס נעמען אַמווייניגסטען נאָך אַ הונדערט יאָהר, איידער עמיצער אין רוסלאַנד וועט זיך קענען ווידער פיהלען אומגליקליך אויף אַזאַ אופן.

דער אינהאַלט פון דעם „פעטער וואַניאַ“ איז אַ סך ווייַ־טער פון דער איצטיגער רוסישער אודיענץ, ווי די אָפּערע „שמשון און דלילה“, וועלכע איך האָב געהערט לעצטע וואָך. און, אויב עס איז מיר קלאָר געוואָרען, אַז די רעוואָלוציע איז געקומען אום צו פאַרבלייבען, אויב עס איז מיר קלאָר געוואָרען, אַז ט ש ע כ אָ ו ו ׳ ס פיעסע איז שוין געוואָרען אַ היסטאָ־רישע פיעסע, איז מיר אין דער זעלבער צייט אויך קלאָר גע־וואָרען, אַז ט ש ע כ אָ ו ו איז געווען אַ גרויסער קינסטלער; ווייל זיין ווערק שפּאַנט אַריבער דעם תהום צווישען דעם אַלטען און דעם נייעם, און מאַכט דעם זעלבען שטאַרקען איינדרוק אויף אַ רעוואָלוציאָנערען פּובליקום פון היינטיגען טאָג, ווי עס האָט געמאַכט אויף יענעם גאַנץ פאַרשיידענעם פּובליקום פון

מיט עטליכע יאָהר צוריק. נאָך מעהר—עס האָט אפילו אויס־
געקוקט, ווי די פּיעסע וואָלט האָבען געוואונען דורך דער רע־
וואָלוציע, ווייל איצטער הערט זיך אין איהר מעהר איראָניע,
ווי ווען עס איז.

— איז ד אָ ס דאָס אַלטע לעבען? — האָב איך מיך
געפרעגט, ווען איך בין ארויסגעגאַנגען אינ'ם שניי. — אויב
אַזוי — טאָ אַ דאַנק גאָט, וואָס עס איז שוין פארשוואונדען!

## דער צענטראָ־טעקסטיל.

דעם 22טען פעברואַר.

איך בין היינט אין דער פריה אוועקגעפאָהרען אין דעם
דיעלאָוואָי דוואָר, דאָס גרויסע הויז אויף וו א ר ו ו א ר־
כ ק י ס ק ו ו ע ר, וואו עס געפינט זיך די צענטראַל־אָרגאַ־
ניזאציע פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע.

דער הויפּט פון דער אָרגאַניזאציע איז נ אָ ג י ן, זעהר
אַן ארבייטס־פעהיגער, ענערגישער רוס, אַזא ארבייטס־פעהיגער,
אַז איך האָב אין דער אמת'ן קוים געקאָנט גלויבען, אַז ער איז
אַ רוס. ער איז גרויס־געוואַקסען, מיט אַ קאָפּ געדיכטע, ברוי־
נע צופּאַטעלטע האָר, אַזוי געדיכט, אַז איך דוכט זיך, אַז דער
קלייניקער פליך אויפ'ן שפּיץ קאָפּ איז אַ קינסטליכער.

נ אָ ג י ן האָט פאַר מיר אַנגעצייכענט די פּלענער, לויט
וועלכע די רוסישע טעקסטיל־אינדוסטריע ווערט רעאָרגאַניזירט,
און האָט באַפוילען, אַז מען זאָל מיר צושטעלען אַלע מעגליכע
בראָשורען, וואו איך וואָלט געקאָנט געפינען איינצעלהייטען.

דער „צענטראָ־טעקסטיל“ איז דער ווירקליכער צענטער
פונ'ם רוסישען עקאָנאָמישען לעבען, מחמת, נעמענדיג אין אַנ־
באַטראַכט, אַז טעקסטילען זיינען דער וויכטיגסטער אויסטויש־
מאַטעריאַל צווישען די שטעדט און די דערפער, אָן זיין ערפאָלג
הייננט אויך אָפּ דער ערפאָלג פון אַלע איבעריגע זאַכען.

אַלענפאַלס, איז די טעקסטיל־אינדוסטריע די וויכטיגסטע
פון אַלע רוסישע אינדוסטריעס. איידער דער מלחמה האָבען
אין דער דאָזיגער אינדוסטריע געאַרבייט 500,000 ארבייטער.

כ אַ ג י ן האָט מיר געזאָגט, אז ניט קוקענדיג אויף דער דיס־אָרגאַניזאַציע, א דאַנק דעם קריעג און דער רעוואָלוציע, אר־בייטען 400,000 אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. דאָס איז אמת אין דעם זין, אז 400,000 ארבייטער קריגען שכירות, אָבער צוליעב'ן מאַנגעל אין הייץ־מאַטעריאַל אָדער רויהע מאַ־טעריאַלען, האָבען זיך א סך פאַבריקען געמוזט אָפּשטעלען.

אַלע גרויסע פאַבריקען זיינען נאַציאָנאַליזירט געוואָרען. אין די אַלטע צייטען, כאָטש אין איין שטאָדט האָבען זיך גע־מאָגט געפינען עטליכע פאַבריקען, וואו אַלע פאַרשיידענע טעק־סטיל־פּראָצעסען געהען אָן, האָבען אָבער די דאָזיגע פאַבריקען באַלאַנגט צו פאַרשיידענע אייגענטימער. אָן איינציגע פירמע אָדער באַנק האָט, למשל, געקאָנט קאָנטראָלירען א סך פאַבּרי־קען, וועלכע זיינען צוואוואָרפען איבער גאַנץ רוסלאַנד, און כדי אז דער גאַנצער פּראָצעס זאָל זיך געפינען אין אייגענע הענט, פלעגט דער רויהער מאַטעריאַל ארומרייזען פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער איבער גאַנץ רוסלאַנד, אָנשטאָט דעם, וואָס ער זאָל בלויז אריבערגעהן פון איין פאַבריק אין דער אַנדערער אין דער זעלבער שטאָדט. אזוי האָט איין פּאַק וואַארע געקאָנט, צ. ב. דורכגעהן איין פּראָצעס אין י אַ ר אָ ס ל אַ ו ו, א צווייטען אין מ אָ ס ק ו ו ע, און א דריטען אין ט ו ל אַ, און ענדליך קומען צוריק קיין י אַ ר אָ ס ל אַ ו ו, כדי פאַרענ־דיגט צו ווערען. דאָס איז אַלץ געווען דערפאַר, ווייל די פאַר־שיידענע פאַבריקען, כאָטש זיי זיינען געווען צוואוואָרפען, זיי־נען אָבער גראָד געווען אונטער איין קאָנטראָל.

אָבער די נאַציאָנאַליזאַציע פון פאַבריקען האָט ערמעג־ליכט א שכל'דיגע גרופּירונג פון די פאַבריקען, אזוי אז דער גאַנצער פּראָצעס ווערט פאַרענדיגט אין איין פּלאַץ, פאָלגליך ווערט איינגעשפּאָרט די טראַנספּאָרטירונג. עס זיינען דאָ ארום דריי און צוואַנציג פאָלשטענדיגע גרופּען פון דעם סאָרט. אין דער גאַנצער טעקסטיל־אינדוסטריע זיינען דאָ ארום פופציג גרופּען.

אויף אַן ענליכען אופן איז די קאָנטראָלירונג קאָנצענ־טרירט געוואָרען. אין די אַלטע צייטען זיינען געווען הונדער־

טער פאַרשיידענע קאָנקורירענדע פירמעס, וועלכע האָבען גע־
האַט הייזער און קאָנטאָרען אויף דער איליאַנקאַ, דער וואַר־
ווארקאַ און ניקאָלאַיעווסקאַיאַ *). דער כינעזישער קוואַרטאַל *)
איז געוועזן אָנגעפּיקעוועט מיט די קאָנטאָרען פון די פאַרשיי־
דענע טעקסטיל־פירמעס.

די דאָזיגע גאַנצע מאַסע פון קעמפענדע און קאָנקורירענ־
דע פירמעס איז איצט קאָנצענטרירט געוואָרען אין יענעם הויז,
פון וועלכען מיר ריידען איצט. די קאָנטראָלירונג פון די אַר־
בייטער איז דורכגעפיהרט געוואָרען אויף אַזאַ אופן, אַז די
טעכנישע עקספערטען האָבען געהאַט גענוג געוויכט. פּעריאָ־
דישע קאָנפערענצען פון די אויסגעקליבענע פאָרשטעדער פון אַלע
פאַבריקען קומען פאָר. נ אָ ג י ן גלויבט, אַז די סיסטעם פון
פאַראייניגטער פאַרטרעטערשאַפט, אויסדערוועהלט פון די
אַרבייטער און באַשטימטע ביי די טעכנישע עקספערטען, איז
די בעסטע, וואָס קאָן נור געבען.

די נאַציאָנאַליזאַציע האָט אויך פאַראורזאַכט א סטאַנ־
דאַריזירונג פון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען. פריהער פלע־
גען פּראָדוצירט ווערען אַן אומגעהויערע צאָהל שטאָפען, וועלכע
פלעגען בלויז אַ ברעקעל זיין פאַרשידען איינער פונ'ם אַנדערען,
מייסטענס בלויז צוליעב קאָנקורענץ־טעמים. די דאָזיגע נוצ־
לאָזע פאַרשידענקייטען זיינען איצטער אַוועקגעוואָרפען געוואָ־
רען, און דער רעזולטאַט איז — אַ גרעסערע פּראָדוצירונגס־
עקאָנאָמיע.

איך האָב איהם געבעטען, ער זאָל מיר עפּעס דערצעהלען
וועגען די שוועריגקייטען צו קריגען רויהען מאַטעריאַל. ער
האָט געענטפערט אַז פון אַמעריקאַ קריגען זיי איצטער גאָרניט.
פון ט ו ר ק ע ס ט א ן קאָנען זיי אויך ניט קריגען קיין שום
בוימוואָהל, ווייל די קאַזאַקען האָבען איבערגעשניטען די איי־
זענבאַהן־ליניעס אַרום אָ ר ע נ ב ו ר ג. לעצטען הערבסט
האָבען זיי אויסגערעכענט, אַז ביי זיי וועט סטאַיען רויה־מאַ־
טעריאַל פאַר די פאַבריקען בלויז ביז'ן חדש דעצעמבער. איצ־

*) נעמען פון מאָסקווער גאַסען און אַ מאָסקווער קוואַרטאַל.

מער אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זיי קאָנען אָפּערירען די פאַבריקען ביז סוף מערץ, און אפילו שפּעטער. דאָ, ווי אין אַ סך אַנדערע זאַכען, האָט די געצוואונגענע איזאָלירונג גע־לערענט די רוסען, אַז זיי זיינען ניט אַזוי אָפּהייננגיג פון דער אויסערליכער וועלט, ווי זיי פלעגען עס אימער דיינקען.

ער האָט ביי מיר געפרעגט, אויב איך האָב געוואוסט פון דעם, אַז מען קאָן קאָמבינירען פלאַקס און בוימוואָהל אויף אַזאַ אופן, אַז דער געמיש זאָל קאָנען געשפּונען ווערען אין מאַשי־נען, וועלכע זיינען לכתחילה בלויז באַשטימט געוואָרען פאַר בוימוואָהל. אין רוסלאַנד איז דאָ אַן אומגעהויערע מאַסע פלאַקס, דער גרעסטער טייל פון וועלכען פלעגט אין די אַמאָליגע צייטען עקספּאָרטירט ווערען.

צוויי פּראָפעסאָרען, די ברידער ט ש י ל י ק י ן, האָ־בען אָנגעפיהרט אונטערזוכונגען פאַר דעם צענטראַ־טעקסטיל, און האָבען ענטדעקט דריי פּראָצעסען פון דער פאַרבוימוואָהלי־זירונג פון פלאַקס. איצטער קאָנען זיי ניט נור צונויפמישען אַ קליינע פּראָצענט פלאַקס מיט זייער בוימוואָהל און אַרביי־טען מיט דעם אויף זייערע מאַשינען, נאָר זיי געברויכען שוין אפילו פופציג פּראָצענט פלאַקס. עקספּערימענטען זיינען שוין אפילו געמאַכט געוואָרען צו פּראָדוצירען מאַטעריאַל מיט 75 פּראָצענט פלאַקס.

מיט צוויי טעג שפּעטער זיינען צו מיר געקומען צוויי יונגע טעכניקער פון'ם צענטראַ־טעקסטיל און האָבען מיר געבראַכט אַ רייהע מוסטערן, וועלכע אילוסטרירען די דאָזיגע נייע פּראָ־צעסען. זיי האָבען מיך געבעטען, איך זאָל זיי פאַר דעם בריינ־גען עפּעס עהנליכעס פון ענגלאַנד.

זיי זיינען ניט געווען קיין באָלשעוויקעס. זיי זיינען גע־ווען טיפּישע אומפּאַרטייאישע מענשען. זיי זיינען געווען שטאַרק צופריעדען מיט דער אַרבייט וואָס ווערט געטאָן דורכ'ן צענטראַ־טעקסטיל, און האָבען מיר געזאָגט, אַז אונטערזוכונגס־אַרבייט ווערט איצטער ערמוטיגט אַ סך מעהר, ווי פריהער. נאָר זיי האָבען זיך געפיהלט זעהר געדריקט איבער דער עקאָ־נאָמישער לאַגע. איך האָב זיי ניט געקאָנט געבען צו פאַר־

שטעהן פארוואָס רוסלאַנד איז איזאָלירט, און אז עס וועט מיר אפשר זיין אונמעגליך צו ברייננען טעכנישע טעקסט־ביכער פון ענגלאַנד.

נ אָ ג י ן האָט זיך באריהמט פאר מיר, אז די מערב־אייראָפּעאישע לייווענט־אינדוסטריע וועט א סך ליידען פון רוסלאַנד׳ס איזאָלירונג, אין דער צייט וואָס רוסלאַנד וועט סוף כל סוף זיין אימשטאַנד צו באגעהן זיך אליין, אָהן דער הילף פון דער אויסערליכער וועלט. וואָס אָנבאַלאַנגט וואָהל, וועלען זיי שוין איצט ניט האָבען קיינע שוועריגקייטען זייענדיג ווידער פארבונדען מיט א פריינדליכער א ו ק ר א י נ ע. די זייד־אינדוסטריע וועט אנטוויקעלט ווערען אין דער א ס ט ר א־כ א ן־געגענד, וואו דער קלימאַט איז פאר דעם זעהר גינסטיג.

איך האָב ביי איהם געפרעגט, וואָס עס הערט זיך מיט די געוועזענע טעקסטיל־פאבריקאַנטען. ער האָט מיר געענטפערט, אז כאָטש א סך פון זיי זיינען אוועקגעפאָהרען קיין אויסלאַנד, ארבייטען נאָך פיעלע געוועזענע פאבריקאַנטען אין די נאציאָנאליזירטע פאבריקען. דער אינזשינירען־שטאב, וועלכער איז ארוים אין סטרייק אינ׳ם אָנפאַנג פון דער רעוואָלוציע, האָט זיך, כמעט אָהן אַן איינציגער אויסנאַמע, צוריק אומגעקערט צו דער ארבייט. דערהויפּט זעהען איין די אינגערע אינזשינערען די נייע מעגליכקייטען, וואָס עפענען זיך אויף אין דער אינדוסטריע, דאָס שטענדיגע נויטען־זיך אין נייע פארבעסערונגען, און די ווארימקייט, מיט וועלכער יעדע סאָרט אָריגינאַליטעט ווערט אויפגענומען.

אויסער דער שפּייז־פראַגע, פון וועלכער אלע ליידען, לעבען די ארבייטער איצטער א סך שעהנער, ווי פריהער. איינע פון די הויפּט־שוועריגקייטען איז געוועזען דאָס פארזאָרגען זיי מיט גוטע וואוינונגען. די קאפּיטאַליסטען און די פאבריקאַנטען פלעגען האַלטען די ארבייטער אין קאזארמעס. „אָבער היינטיגע צייטען ווילען די ארבייטער בעסערע וואוינונגען, און מיר ווילען זיי עס אויך געבען. א טייל ארבייטער האָט זיך ארייננעקליבען אין די געוועזענע הייזער פון די פאבריקאַנטען און אייגענטימער, עס זיינען אָבער ניטאָ גענוג אזעלכע הייזער

פאַר אַלעמען. מיר האָבען איצטער ברייטע פּלענער פאַר דער אויסבויאונג פון דערפער און גאָרטען־שטעדט פאַר די אַרביי־טער."

איך האָב ביי נ אָ ג י נ'ע ן געפרעגט, אין וועלכע אויסלענדישע פּראָדוקטען, נאָך זיין מיינונג נאָך, נויטיגט זיך רוסלאַנד מעהר ווי אין אַלץ. ער האָט געענטפערט, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט דער טעקסטיל־אינדוסטריע, ווילען זיי מאַשינעריע. ער האָט מיר געזאָגט, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע האָבען עס מיר פריהער געזאָגט, אַז יעדע רוסישע אינדוסטריע וואָלט זיך גע־פונען אין אַ בעסערען צושטאַנד, אויב זיי וואָלטען געהאַט מעהר לאָקאָמאָטיווען.

— אַ סך פאַבריקען ארבייטען איצטער ניט צוליעב'ן מאַנ־געל אין הייץ־מאַטעריאַל, און אין ס אַ ר אַ ט אָ ו, צום ביישפּיעל, געפינען זיך איצט גרויסע קוואַנטיטעטען פון רוי־העז מאַטעריאַל, וועלכען מיר זיינען ניט אימשטאַנד צו בריינ־גען קיין מ אָ ס ק ו ו ע.

## מאָדיפיצירונג פון'ם אַגראַר־פּראָגראַם.

נאָכמיטאָג האָב איך מיך באַגעגענט מיט ס ע ר ע ד אַ'ן, דעם קאָמיסאַר פון אַגריקולטור. ער האָט מיט מיר איינגע־טענה'ט, אַז די אַגראַר־פּאָליטיק פון דער סאָוועטען־רעגירונג איז זעהר מיסרעפּרעזענטירט געוואָרען דורך איהרע פיינד צו־ליעב אַגיטאַציאָנס־צוועקען. זיי איז אפילו אין געדאַנק ניט אריינגעקומען אַזאַ שטיק אידיאָטסטוואָ, ווי דער כלומר'שטער פאַרזוך צו צווינגען די פויערים אויפצוגעבען פּריוואַט־אייגענ־טום. די גרינדונג פון קאָמונעס איז ניט צווינגענד. עס האָט בלויז אַ פּראָפּאַגאַנדאַ־צוועק, כדי צו אילוסטרירען דעם גע־דאַנק פון קאָמוניסטישער אַרבייט, ניט מעהר.

— די הויפּט־אויפגאַבע, וואָס שטעהט פאַר אונז איצט, איז די אויפהויבונג פון דער רוסישער אַגריקולטור אויף אַ העכ־ערער מדרגה, ווי די, אויף וועלכער זי איז געשטאַנען אונטער דעם אַלטען רעזשים. בעאַרבייטענדיג אַ סך פון די אַלטע אי־

מאַניעם אויף אַ קאָמוניסטישען שטייגער און מיט די מעגליך־בעסטע מעטאָדען, האָפען מיר אויפצוטאָן צוויי זאכען מיט אמאָל: ערשטענס, צו באווייזען די פויערים, פאַרוואָס קאָמוניסטישע ארבייט לוינט זיך, און, צווייטענס, צו דערווייזען איהם, ווי אזוי אפילו ער אליין קאָן ארויסקריגען פון זיין ערד אַ סך מעהר ווי ער טוט עס איצט. מיר טוען אלץ וואָס מיר קענען, כדי ארויסצוהעלפען די קלענערע ערד־באזיצער. מיר האָבען מאָביליזירט אלע אגריקולטורעלע עקספערטען אין לאנד. מיר לאָזען ארויס אַ סך פשוט־אָנגעשריבענע בראָשורען, וועלכע ענטהאלטען אַ סך בעסערע מעטאָדען פון ערד־בעאַרבייטונג.

(איך האָב געזעהן אַ סך אזעלכע בראָשורען איבער וואלד־ארבייט, קאַרטאָפעל, טאָרף, ראָטאַציאָן פון ערנטען, א. א. וו., אויסער די אגריקולטורעלע זשורנאלען, וועלכע ווערען ארויס־געשיקט אין אַ גרויסער צאָהל אין אלע דערפער.)

איך האָב דערצעהלט ס ע ר ע ד אַ'ן, אז איך האָב גע־הערט, דאָס די פויערים ענטזאָגען זיך צו זייהען מעהר, ווי פיעל זיי געברויכען פאַר זיך. ער האָט מיר געענטפערט, אז די מעשה איז פונקט פאַרקערט. לויט די לעצטע באַריכטען, האָט ער דאָס רעכט צו האָפען, אז אַ סך אַ גרעסערע שטרעקע איז פאַרזייהט געוואָרען היינטיגעס יאָהר, ווי ווען עס איז פריהער. פיעל מעהר לאנד וואָלט נאָך געווען פאַרזייהט געוואָרען, ווען ניט דער פאַקט, וואָס ד ע נ מ א ר ק איז ניט דערלאָזען גע־וואָרען צוצושטעלען זיי דעם זוימען, פאַר וועלכען זיי האָבען שוין ממש באַצאָהלט.

איך האָב איהם געשטעלט דיזעלבע פראַגע, וואָס נ אָ־ג י נ' ע ן:

— אין וואָס נויטיגט איהר זיך אַממייסטען?

— זיין ענטפער איז געווען:

— אגריקולטור־מאַשינען.

## דער אויסלענדישער האַנדעל און קריעגס־אַמוניציע.

דעם 25טען פעברואַר.

איך האָב געהאַט אַ געשפּרעך מיט ק ר אַ ס י נ׳ע ן, דעם קאָמיסאַר פון האַנדעל און אינדוסטריע, וועלכער איז אויך דער פּאָרזיצענדער פון דעם קאָמיטעט אויף צוזושטעלען די נ׳יטען פון דער אַרמיי.

ער האָט ניט איינגעשטימט צו דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע, נאָר לעצטען יאָהר, ווען עס האָט געהאַלטען זעהר שמאָל מיט דער סאָוועטען־רעגירונג, האָט ער זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד פון ש ט אָ ק ה אָ ל ם, פיהלענדיג, אַז ער מוז העלפען.

ער איז אַן עלטערער מענש, אַן אינזשענער, און אַ היבשליכער אייראָפּעער.

מיר האָבען צוערשט גערעדט וועגען די רוסישע פּלענער פאַר׳ן אויסלענדישען האַנדעל.

— דער גאַנצער אויסלענדישער האַנדעל — האָט ער מיר געזאָגט — איז איצט קאָנצענטרירט אין די הענט פון דער רעגירונג, וועלכע איז דעריבער ביכולת צו האַנדלען, ווי אַן איינצעלנער קונה.

איך האָב ביי איהם געפרעגט, ווי אַזוי זיי דיינקען איינקויפען זייערע סחורות. ערוואַרטען זיי, אַז די לענדער, וועלכע וועלען האַנדלען מיט זיי, זאָלען אָרגאַניזירען קאָמיטעטען, דורך וועמעס הענט דער גאַנצער רוסישער האַנדעל פון דעם געגעבענעם לאַנד זאָל דורכגעהן?

ק ר אַ ס י ן האָט געענטפערט:

— פאַרשטעהט זיך, דאָס וואָלט געווען בעסער, אָבער בלויז אין סאָציאַליסטישע לענדער. ווי זאַכען שטעהען איצטער, וואָלט אַזאַ אָרגאַניזירונג געווען קעגען אונזערע אינטערעסען. עס איז פאַר אונז גלייכער צו האָבען צו טאָן מיט אַן איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט, איידער מיט אַ גרופּע. די פאָרמירונג אין ענגלאַנד, למשל, פון אַזאַ קאָמיטעט, וועלכער זאָל האָבען דעם מאָנאָפּאָל איבער׳ן רוסישען האַנדעל, וואָלט אויפ־

געהויבען די פרייזען קעגען אונז, ווייל מיר וואלטען דאך מעהר ניט געקענט אוועקגעהן פון איין פירמע צו דער אנד'ערער. אויסער דעם, אלס סאציאליסטען, ווילען מיר נאטירליך ניט ארויסהעלפען דער טראסטיפיקאציע פון די ענגלישע פאבריקאנטען.

ער אנערקענט, אז דער אויסלענדישער האנדעל וועט ניט קענען אנגעפיהרט ווערען אויף א ברייטען מאסשטאב, איידער זייערע טראנספארט־מעגליכקייטען זיינען פארבעסערט געווארען. רוסלאנד האט בדעה צו צאהלען פאר סחורות מיט רויהען מאטעריאל, מיט פלאקס, בוי־האלץ, א. א. וו. מיט מאטעריאלען, וועלכע זי פארמאגט אין גרויסע קוואנטיטעטען, נאר וועלכע זי קאן ניט ברענגען צו די האפענס, איידער איהר טראנספארט איז פארבעסערט געווארען. עס איז דעריבער אין די אינטערעסען פון אויסלאנד צו פארלייכטערען רוסלאנד'ס טראנספארטאציאנס־שוועריקגייטען. ער האט צוגעגעבען, אז זיי זיינען טיעף איבערצייגט, אז סוף כל סוף וועלען זיי זעלבסט, אהן אויסלענדישער הילף, זיין אימשטאנד צו פארבעסערען זייער טראנספארט אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל עס וועט זיי ראטעווען פון א הונגער־טויט. אבער כדי אז רוסלאנד זאל זיך פאלשטענדיג אומקערען צו א נארמאלען צושטאנד, מוז זי האבען אויסלענדישע הילף.

מיר האבען דאן באריהרט די פראגע וועגען אמוניציע. איך האב אויסגעדריקט מיין שטוינען, וואס זיי קאנען אזוי גוט אנהאלטען דעם קריעג, אין דער צייט וואס זיי זיינען אפגעשניטען פון מערב. ק ר א ס י ן האט מיר געענטפערט, אז ביי זיי וועט נאך קלעקען אמוניציע פאר א גאר לאנגען קריעג. זיי ברויכען ניט קיין שווערע ארטילעריע פאר דעם סארט קריעגספיהרונג, וועלכער געהט איצטער אן אין רוסלאנד, און וואס אנבאלאנגט דער גרינגער ארטילעריע — קאנען זיי זי מאכען און פארריכטען מיט אייגענער הילף. פונ'ם אלטען רעזשים זיינען איבערגעבליבען גענוג דריי־אינטשיגע הארמאטען־קוילען, וועלכע וועלען זיי קלעקען פאר דריי יאהר צייט. זיי האבען אויך ריזיגע קוואנטיטעטען דינאמיט. זיי פאבריצירען זייער

אייגענעם פּולווער. זינט דעם לעצטען אויגוסט, ווען קראַ־סינ׳ס קאָמיטעט איז פאָרמירט געוואָרען, איז די צאָהל פּארבריצירטע קוילען פּארדרייפאכט געוואָרען. עס איז קראַ־סינ׳ס מיינונג, אז ווען אפילו זאכען וועלען אָנהאַלטען אזוי ווי איצט, וועלען זיי נאָך אַלץ זיין אימשטאַנד אָנצוהאַלטען דעם קריעג פאר א יאָהר צייט.

## די געפּלאַנטע בערנער דעלעגאַציע

איך געדיינק ניט דעם גענויען טאָג, ווען עס איז באַקאַנט געוואָרען אין מאָסקווע, אז די בערנער אינטערנאַציאָ־נאַלע קאָנפערענץ פּלאַנעוועט צו שיקען אַן אונטערזוכונגס-קאָ־מיסיע קיין רוסלאַנד. אָבער פון דעם 20טען פעברואַר אָן פלעגט יעדער איינער, וואָס פלעגט מיך קומען זעהן, ריידען וועגען דעם. די פראַגע, ווי אזוי די דעלעגאַטען זאָלען אויפגענומען ווערען, האָט ארונטערגעשטויסען אַלע אנדערע פּאָליטישע פּראַ־גען פון דער טאַגעס-אָרדנונג.

טשיטשערין האָט גלייך געשיקט אַן ענטפער קיין בערן, אין וועלכען ער זאָגט, אז „כאָטש זיי באַטראַכטען ניט די בערנער קאָנפערענץ ענטוועדער אַלס סאָציאַליסטיש אָדער אפילו אויף אירגענד וועלכען אופן רעפּרעזענטירענדיג דעם ארבייטער קלאַס, וועלען זיי דאָך ערלויבען דער קאָמיסיע צו קומען נאָך רוסלאַנד, און וועלען איהר געבען אַלע מעגליכ־קייטען צו באַקאָנען זיך מיט די איצטיגע צושטאַנדען דאָרטען, פּונקט ווי זיי וואָלטען באהאַנדעלט אירגענד וועלכע בורזשואַזע קאָמיסיע, וועלכע איז דירעקט אָדער אינדירעקט פּארבונדען מיט אירגענד וועלכען פון די ברוזשואַזע רעגירונגען, אפילו מיט יענינע, וועלכע אטאַקירען רוסלאַנד.“

מען קאָן זיך שוין גוט פאָרשטעלען, ווי אזוי אזא מין כאַרט ענטפער האָט אויפגעוועקט דעם צאָרן פון די מענשעווי־קעס, וועלכע באַטראַכטען זיך פאר מעהר אָדער ווייניגער פאר־וואַנדט מיט יענע פּארטייען, וועלכע זיינען רעפּרעזענטירט גע־וואָרען אויף דער בערנער קאָנפערענץ.

— סטייטש — האבען זיי געליארעמט, — ק א ו ט ס ק י איז ניט קיין סאָציאַליסט ?!

אויף וואָס זיי האָבען געקראָגען פון זייערע געגנער אזא ענטפער:

— די רעגירונג, וועלכע ווערט אונטערשטיצט פון ק ו י ט ס ק י׳ן, האַלט ר אַ ד ע ק׳ן אין קייטען אין דער תפיסה.

אָבער וואָס מיך האָט אינטערעסירט, איז געווען דאָס: מ ש י ט ש ע ר י נ׳ס ענטפער איז ניט געווען צופריעדענ־שטעלענד אפילו פאַר אייניגע באָלשעוויקעס. דער ענטפער איז אוועקגעשיקט געוואָרען איידער יעדער אַלגעמיינער בעראַטונג. ווייזט אויס, אַז די קאָמוניסטען זעלבסט געהען זיך ניט צו־נויף איבער דעם מיין פון דער געפּלאַנטער קאָמיסיע. איין טייל גלויבט, אַז דאָס איז דער ערשטער שריט צו שלום און פאַר־שטענדניס. די אַנדערע גלויבען, אַז דאָס איז בלויז אַ כיטרער טריק פון קלעמאַנסאָ׳ס צד, כדי אַז די „אַזוי־גערופענע" סאָ־ציאַליסטען זאָלען פאַרדאַמען די באָלשעוויקעס, און דערנאָך וועט קלעמאַנסאָ געברויכען די דאָזיגע פאַרדאַמונג אַלס אַ גרונט פאַר דער אינטערווענציע פון די אַליאירטע מלוכות.

ביידע צדדים זיינען, פאַרשטעהט זיך, אומגערעכט אויף ווי ווייט זיי דיינקען, אַז די אַליאירטע מלוכות האָבען עפּעס צו טאָן מיט דעם. מען האָט ניט געוואָלט געבען קיין פּאַספּאָר־טען ניט צו די ענגלישע און ניט צו די פראַנצויזישע דעלעגאַ־טען. אָבער דאָס האָט מען זיך דערוואוסט אין מ אָ ס ק ו ו ע בלויז נאָך מיין אוועקפאָהרען, און ארום יענער צייט האָבען אַ היבש ביסעל זאַכען פּאַסירט. איך דיינק, אַז די מאָסקווער קאָנ־פערענץ, וועלכע האָט געגריינדעט דעם דריטען אינטערנאַציאָ־נאַל, האָט געהאַט איהר אורשפּרונג אין׳ם פאַרלאַנג צו געגענ־ווירקען די שלעכטע רעזולטאַטען, וועלכע וואָלטען געקאָנט אַרויסקומען פונ׳ם געפּלאַנטען באַזוך פון די בערנער דעלע־גאַטען.

ל י ט ו ו י נ אָ ו ו האָט געזאָגט, אַז ער באַטראַכט דאָס שיקען פון דער בערנער קאָמיסיע אַלס דעם געפעהרליכסטען

וואפען, וואָס זייערע געגנער האָבען ווען עס איז אויסגעטראַכט. ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז איהם איז געווען שווער צו איבער־ציינגען לעניניסטען אָדער טשיטשערינסטען, אַז די דאָזיגע קאָמיסיע איז אַ סימן פון אָנקומענדע שלאַכטען, ניט פון אָנקומענדען שלום.

— איהר פאַרשטעהט ניט, — טענה'ט ליטווינאָוו — אַז זינט דעם אָנפאַנג פון דער מלחמה איז פאָרגעקומען אַ ביטערער קאַמף צווישען צוויי אינטערנאַציאָנאַלען, איינער פון וועלכע גלויבט אין רעוואָלוציע, און דער אַנדערער גלויבט ניט. אַ גרופּע מענשען, וועלכע האָבען שוין פאַרדאַמט די רעוואָלוציע, קומען איצטער צופאָהרען ארויסצוזאָגען אַ מיינונג וועגען איהר. אויב זיי וועלען ניט פאַרדאַמען אונזער רעוואָלוציע, וואָלט דאָך עס געמיינט, אַז זיי פאַרדאַמען זיך! טשיטשערין האָט געדאַרפט אריינשטעלען אַ באַדינגונג, אַז אַ דעלעגאַציע פון די לינקע סאָציאַליסטען זאָלען אויך קומען. אָבער ער האָט אַוועקגעשיקט אַן ענטפער אין אַ שטונדע צייט נאָכדעם ווי ער האָט געקראָגען די טעלעגראַמע פון בערן. זיי זיינען נאַריש צו גלויבען, אַז די דעלעגאַציע קומט כדי צו זוכען אַ גרונט פאַר שלום. עס הויבט זיך ניט אָן. זי איז פאַרפליכטעט צו פאַרדאַמען אונז, און די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען וועלען שוין פאַרשטעהן ווי אַזוי אויסצונוצען די דאָזיגע קריטיק, ווי מילד זי זאָל ניט זיין, וואָס איז גע'חתמ'עט פון מענשען וועלכע ווערען נאָך אַלץ באַטראַכט אַלס סאָציאַליסטישע אויטאָריטעטען. הענדערסאָן, צום ביישפּיל (הענדערסאָן איז צוערשט נאָמינירט געוואָרען אַלס איינער פון די דעלעגאַטען, אָבער שפּעטער האָט מעקדאָנאַלד פאַרנומען זיין פּלאַץ), וועט בלויז אורטיילען לויט דעם, צי דאָס פאָלק איז הונגעריג, אָדער ניט. ער וועט ניט באַטראַכטען די אורזאַכען, וועלכע זיינען אויסער אונזער קאָנטראָל. קויטסקי איז שוין ווייניגער געפעהרליך, ווייל נאָך אַלעמען, וועט ער דאָך אריינקוקען אונטער דעם שיינבאַרען.

רייגשטיין זאָגט, אַז ער געדיינקט נאָך די אַלטע

פערזענליכע פיינדשאפט צווישען לעניג'ען און קויט־סקי'ן, וועמען לענין האָט אין א בוך געבראנדמאַרקט אלס א רענעגאט און פארעטער. דער איינציגער מענש אין דער דע־לעגאציע, אויף וועמען מען קען זיך פארלאָזען, אז ער וועט זיך באמיהען צו פארשטעהן די איצטיגע לאגע אין רוסלאנד, איז לאַנגע.

וואָס א טאָג ווייטער אלץ קלאָרער איז עס געוואָרען, אז דער ערוואַרטעטער באזוך האָט צוגעשטעלט די רוסישע פאר־טייען א נייע סבה פאר מחלוקת'ן. די קאָמוניסטען האָבען באשלאָסען, אז קיין באזונדערע עהרען־אויפנאַמע זאָל ניט גע־מאכט ווערען לכבוד די דעלעגאטען. די מענשעוויקעס האָבען גלייך אָנגעהויבען צו מאכען פאָרבאַרייטונגען פאַר א גרויס־אַרטיגען קבלת־פנים צו די לייטע, וועלכע זיי באַט־אַכטען אלס די פאָרשטעהער פונ'ם אמת'ען סאָציאַליזם.

דעמיאַן ביעדני האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַן אַמוזאַנטען פּאָעטישען דיאַלאָג, וואו ער שטעלט פאָר ווי די מענשעוויקעס חזר'ן איין זייערע ראָלען, כדי צו זיין גרייט פאַר'ן קבלת פנים. די באָלשעוויקעס האָבען צוגעגרייט אַן אנ־דער סאָרט ענטפער. זיי האָבען טאַקע צוגעגרייט א וואוינונגס־הויז פאַר דער בערנער דעלעגאַציע, אָבער אין דער זעלבער צייט האָבען זיי זיך אויך צוגעגרייט צו באווייזען דעם חלוק צווישען די צוויי אינטערנאַציאָנאַלען.

זיי האָבען צוזאַמענגערופען אַן אנטי־בערנער קאָנפערענץ, וואו זיי האָבען ערקלערט, אז זיי האָבען מעהר ניט קיין שום פארבינדונג מיט דעם אַלטען אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער האָט פּאָליטיש באנקראָטירט נאָך ביים סאַמע אויסברוך פון דער אייראָפּעאישער מלחמה.

## די שטעלונג פונ'ם עקזעקוטיוו קאָמיטעט צו די פאַרשיידענע פאַרטייען.

דעם 26טען פעברואַר.

נאָכמיטאָג בין איך געקומען צום מיטינג פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט פונקט אין צייט צו הערען דעם סוף פון ר י ק אָ ו ו'ס באַריכט וועגען דער עקאָנאָמישער לאַגע. ער האָט אויסגעדריקט אַ האָפנונג, אַז די אונטערהאַנדלונגען וועגען דעם אויפבויען פון דער אָבי־קאַטלאַס אייזענבאַהן וועלען זיך איינגיכען פאַרענדיגען אויף אַ צופרידענשטעלענדען אופן. ער האָט אויך, אַז עהנליכע אונטערהאַנדלונגען און קאָנצעסיעס וועלען נאָכפאָלגען. ער האָט ערקלערט אַז זיי ווילען טאַקע ניט קיין קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד אָבער זיי ווילען יאָ די זאַכען, וועלכע דער קאַפּיטאַליזם קען זיי צושטעלען אין אויסטויש פאַר אַנדערע זאַכען, וואָס זיי קאָנען געבען דעם קאַפּיטאַליזם.

דאָס איז געווען דער ענטפער, וועלכען ער האָט געגעבען אויף דער קריטיק פון דער אָפּאָזיציע, אַז „די סאָוועטען־רעגירונג איז גרייט צו פאַרקויפען רוסלאַנד צו די אַנגלאָ־אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטישע באַנדיטען". ר י ק אָ ו ו האָט געזאָגט, אַז די הויפּט־באַדינגונגען פון אַלע קאָנצעסיעס וועט זיין, אַז זיי זאָלען ניט אָנריהרען דעם אינטערנאַציאָנאַלען געבוי פון דער סאָוועטען־רעפּובליק און זאָלען ניט פיהרען צו דער עקספּלואַטירונג פון די אַרבייטער.

— מיר ווילען אייזענבאַהנען, מאַשינעס און לאָקאָמאָטיווען, און אונזער לאַנד איז גענוג רייך צו זיין אימשטאַנד צו באַצאָהלען פאַר די אַלע זאַכען מיט איהרע נאַטירליכע רייכטימער, אָהן אַ באַדייטענדען פאַרלוסט צו דעם שטאַאַט און ניט נאָכגעבענדיג אַפילו קיין איין אינטש פון אונזער פּראָגראַם פון אינערליכער קאָנסטרוקציע.

נאָך איהם האָט גערעדט ק ר ע ס ט י נ ס ק י. ער האָט אָנגעוויזען אַז אין דער צייט וואָס די קאָמיסאַריאַטען זיינען, אין אַ געוויסען זין, בלויז אַנדערע פאָרמען פון די אַלטע מיניסטעריומס, רינגען, וועלכע בינדען זיי צונויף מיט דער

פארגאנגענהייט, — איז אָבער ד ע ר ר א ט פ א ר ג ע־זעלשאפטליכער עקאָנאָמיע — אָרגאניזירענדיג די גאנצע פּראָדוקציע און פאנאנדערטיילונג איבער'ן לאנד, אויפבויענדיג דעם סאָציאליסטישען שטאאט — א גאנץ נייער רעגירונגס־אָרגאן און א רינג, וועלכע בינדט צונויף מיט דער צוקונפט, ניט מיט דעם עבר.

די צוויי נעקסטע רעדנער האָבען אילוסטרירט איינע פון די הויפּט־שוועריגקייטען פון דער רעוואָלוציע. ק ר א ס י ן האָט קריטיקירט דעם ראט, פארוואָס ער האָט ניט גענוג גלויבען אין דער זיכערקייט פון דער רעוואָלוציע. זייער ארבייט ווערט געהינדערט דורך דער שטענדיגער מורא, טאָמער וועט זיך דער קאפּיטאליזם צוריק אריינ'גנב'ענען. זיי האָבען זיך, כמעט אָהן שום גרונט, מורא צו מאכען דעם פולסטען געברויך פון די פארשידענארטיגע ספּעציאליסטען, וועלכע האָבען געשפּיעלט פיהרענדע ראָלעס אונטער דעם אלטען רעזשים. איצטער, אז דער אלטער רעזשים איז באשטימט צובראָכען געוואָרען, קאָנען זיי דאָך געברויכט ווערען צו דיענען דעם נייעם! ער גלויבט, אז אויב מען וועט ניט אויסנוצען אויף'ן טיכטיגסטען אופן די רייכטימער פונ'ם לאנד אין דער פאָרם פון טעכנישער וויסענשאפט, א. א. וו., קאָן מען ניט ערוואַרטען צו קריגען א מאקסימום פּראָדוקטיוויטעט, — האָם איינציגע וואָס וואָלט זיי געראטעוועט פון א קאטאסטראָפע.

ג ל ע ב אָ ו, וועלכער האָט גערעדט נאָך איהם, האָט געהאלטען פונקט פארקערט. זיין שטאנדפּונקט אין באצוג צו דער רעאָרגאניזירונג פון דער ארמיי איז דערזעלביגער, וואָס ווערט געהאלטען פון ט ר אָ צ ק י'ס געגנער, וועלכע טענה'ן, אז די אָפיצירען פון דער אלטער ארמיי טאָרען ניט געברויכט ווערען אין דער רעאָרגאניזירונג פון דער נייער ארמיי. זיי גלויבען, אז די יעניגע, וועלכע האָבען פארנומען וויכטיגע עמטער אונטער דעם אלטען רעזשים, מוזען פארבלייבען שונאים פון דער רעוואָלוציע, דעריבער זיינען זייערע דיענסטען א קוואל פון געפאהר.

די רעזאָלוציע וועגען דער עקאָנאָמישער לאגע, וועלכע איז

ענדליך אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג, ענטהאַלט אין זיך אַזאַ פּונקט:

„עס איז נויטיג צו שטרעבען נאָך גערעכטע עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען מיט אַנדערע לענדער, אין דער פאָרם פון אַ שטאַאַט־רעגולירטען סחורה־אויסטויש, וועלכער וועט מעגליך מאַכען, אַז די פּראָדוקטיווע קרעפטען פון די אַנדערע לענדער זאָלען קומען און בעאַרבייטען די אומבאַריהרטע נאַטירליכע רייכטימער פון סאָוועטען־רוסלאַנד."

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקען דעם געמישטען כאַראַקטער פון דער אָפּאָזיציע. אייניגע פאָדערען דעם „אמת'ן סאָציאַליזם", וועלכער זאָל ניט געבען קיינע קאָנצעסיעס דעם אויסלענדישען קאַפּיטאַל; אַנדערע פאַרלאַנגען, אַז דער ביר־גער־קריעג זאָל אָפּגעשטעלט ווערען, און פרידען זאָל געשלאָסען ווערען מיט די קליינע מלוכה'לאָך, וועלכע האָבען געקראָגען די אונטערשטיצונג פון די אַליאירטע. אין איין און דעמ־זעלבען נומער פון דער „טיפּאָגראַפישער גאַזעטע", צום ביי־שפּיעל, געפינט זיך אַ סטראַשונאָק, אַז מען וועט אַפּעלירען צו דער בערנער דעלעגאַציע קעגען די באָלשעוויקעס, און אַן אָנ־פאַל אויף טשיטשערי'ן, פאַרוואָס ער איז אַזוי גרייט צו שליסען אַ פרידען מיט דער אַנטאַנט.

דער נעקסטער פּונקט אויף דער פּראָגראַם איז געווען די באַטראַכטונג פון דער שטעלונג, וואָס זאָל גענומען ווערען צו די בעלי־תשובה'ניקעס, די רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. קאַמענאָוו האָט געהאַלטען די בעסטע רעדע, וואָס איך האָב פון איהם ווען עס איז געהערט.

די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען געהאַט דריי לאָזונגען: „קריעג און אַ פאַרבינדונג מיט די אַליאירטע", „אַ קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע" און „די גרינדונגס־פאַרזאַמ־לונג". העכער אַ יאָהר צייט האָבען זיי געפיהרט אַן אָפּענעם קריעג מיט דער סאָוועטען־רעגירונג איבער די דאָזיגע דריי פּונקטען. זיי זיינען באַזיגט געוואָרען אין שלאַכט.

אָבער אַ סך אַן ערנסטערע נידערלאַגע האָבען זיי געליטען

אין אַ מאַראַלישען זין. זיי זיינען געגויט זיך מודה צו זיין, אז זייערע דריי לאָזונגען זיינען געווען פאַלש.

„קריעג און אַ פארבינדונג מיט די אליאירטע“ האָט זיך אויסגעלאָזען אין אַן אָקופּאַציע פון דער רוסישער טעריטאָריע דורך אויסלענדישען חיל, וועמען עס ליגט אפילו ניט אין דער לינקער פּאה צו ראַטעווען די רעוואָלוציע, נאָר וועלכער פונקט פארקעהרט, איז גרייט צו העלפען אַלע כחות, וועלכע ווילען די רעוואָלוציע אונטערדריקען.

„אַ קאָאַליציע מיט דער בורזשואזיע“ האָט זיך ארויסגע־וויזען צו זיין אַ וועג, וועלכער ענדיגט זיך אין דער ד י ק־ ט אַ ט ו ר פון דער בורזשואזיע דורך מיליטערישער מאַכט.

„די גרינדונגס־פארזאַמלונג“. עס איז דערוויזען געוואָרען, אז דאָס איז בלויז אַ מאַסקע, אונטער וועלכער עס באַהאַלטען זיך די פיינד פון דער רעוואָלוציע און גרייטען צו זייערע כחות, כדי צו פיהרען די מאַסען צו זייער אייגענעם אומגליק.

ק אַ מ ע נ י ע ו ו האָט דאַן איבערגעלייענט די דעקלאַ־ראַציע פון די רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, אין וועלכער זיי גיבען צו, אז די סאָוועטען־רעגירונג איז די איינ־ציגע קראַפט, וועלכע קעמפט קעגען דער דיקטאַטור פון דער בורזשואזיע, און אין וועלכער זיי פאָדערען אויף זייער חיל, אז זיי זאָלען ארונטערוואַרפען אוזורפּירענדיגע רעגירונגען אין ס י ב י ר, און אומעטום. אָבער די דאָזיגע חרטה איז פאַר־געקומען צו שפּעט. אויסער דעם, עס זיינען אויך דאָ אַזעלכע, וועלכע נעמען ניט קיין שום אנטייל אין איהר.

צום סוף האָט ק אַ מ ע נ י ע ו ו געזאָגט, אז דער עק־זעקוטיוו קאָמיטעט מוז נעמען אין אַנבעטראַכט, אז ער איז ניט קיין פּאַרטיי, וועלכע פיהרט אונטער איהרע חשבונות מיט אַ געגנערישע פּאַרטיי, נאָר אַ רעגירונגס־אָרגאַן, וועלכער דאַרף באַטראַכטען וואָס פאַר אַ שטעלונג עס זאָל אָנגענומען ווערען קעגען אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט אין דעם ערנסטערען מאָמענט פון דער רוסישער געשיכטע באַגאַנגען וויכטיגע טעות׳ן, און געהאָלפען רוסלאַנד׳ס פיינד. איצט, אין דעם שווערען מאָמענט האָט יעדער איינער, וועלכער מיינט עס אויפריכטיג צו העל־

פען די רוסישע אַרבייטער־מאַסען אין זייער קאַמף, דאָס רעכט צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין די רייהען פון די קעמפּענדע. מען דאַרף לאָזען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען צו דערווייזען זייער חרטה מיט אויפריכטיגע טאַטען.

די רעזאָלוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען, חזר'ט איבער אַלע חרטות, דערמאָנט די נעמען פון די פּאַרטיי־מיט־גלידער, מיט וועמען דיסקוסיעס זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען, ציהט צוריק דעם באַשלוס פונ'ם 14טען יוני (וועלכער שליסט אויס די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט אויפ'ן גרונד פון זייערע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טענדענצען) וואָס אַנבעלאַנגט יענע גרופּען פון דער פּאַרטיי, וועלכע פּיהלען זיך געבונדען דורך די אָקאָרשט־ערשינענע פּאַר־טיי־דעקלאַראַציעס, גיט זיי דאָס רעכט צו נעמען אַן אייגטייל אין דער אַרבייט פון די סאָוועטען, לאָזט וויסען אַלע אַדמי־ניסטראַטיווע און יוסטיץ־אָרגאַנען פון דער רעפּובליק, אַז זיי זאָלען באַפרייען די אַרעסטירטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנע־רען, וועלכע נעמען אַנטייל אין דער דאָזיגער חרטה.

די רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרען אָהן ענטוזיאַזם, אָבער אויך אָהן אָפּאָזיציע.

אַ נ ו ו אַ נ ע ס ע ו ו האָט דאַן איבערגעלייענט די רע־זאָלוציע וועגען דער מענשעוויסטישער ציטונג, „ווסעגדאַ ווּפּעריאָד" (אַלעמאָל פאָראויס. אָבער די געגנער פון די מענ־שעוויקעס רופען די ציטונג „אַלעמאָל צוריק").

די רעזאָלוציע ווייזט אָן, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די מענשעוויקעס האָבען איינגעשטימט, אַז עס איז נויטיג אונטערשטיצען די סאָוועטען־רעגירונג, פיהרען זיי אין דער ווירקליכקייט אָהן אַן אַגיטאַציע, וועמעס ווירקונג עס קאָן בלויז זיין אָפּצושוואַכען די אַרמיי.

עס ווערט געבראַכט אַ ביישפּיעל פון דעם אַרטיקעל: „שטעלט אָפּ דעם ברודער־קריעג", אין וועלכען די מענשעווי־קעס באַווייזען, אַז דער קריעג קאָסט זעהר אַ סך, און איז אַ גרויסער טייל פון די שפּייז־זאַפּאַסען ווערען פאַרשלונגען פון

דער אַרמיי. זיי פאָדערען אויפ'ן דאָזיגען גרונד, אַז דער ברודער־קריעג זאָל אָפּגעשטעלט ווערען.

דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט ווייזט דאָ אָן, אַז די מענשע־וויקעס נוצען אויס, צוליעב זייערע דעמאַגאָגישע צוועקען די שוועריגקייטען פון דעם שפּייז־צושטעלען, וועלכער נעמט זיך טיילווייז דערפון, וואָס סאָוועטען־רוסלאַנד איז אָפּגעזונדערט פון דער א ו ק ר א י נ ע, ס י ב י ר און דעם ו ו אָ ל ג אַ־דיסטריקט. די זעלבע מענשעוויקעס, וועלכע האָבען געארבייט צוזאַמען מיט דער ווייסען גוואַרדיע, זיינען דאָך פאַראַנטוואָרט־ליך פאַר דעם.

ווייטער ווערט אָנגעוויזען, אַז רוסלאַנד איז אינ'ם איצטי־גען מאָמענט אַ גרויסער שלאַכטפעלד, וועלכער איז באַלעגערט פון אַלע זייטען. ק אָ ל ט ש אַ ק האָט איינגענומען דעם וויכ־טיגען צענטער פּ ע ר ם . פּעטראָגראַד ווערט געדראָהט דורך פינלאַנד. אין די גאַסען פון נ אָ ו ו אָ ־ ט ש ע ר ק אַ ס ק און ר אָ ס ט אָ ו ו שטעהען נאָך אַלץ די תליות, אויף וועלכע עס היינגען די קערפּערס פון ארבייטער. ד ע נ י ק י ן פאַר־וויסטעט דעם צפון'דיגען ק אַ ו ו ק אַ ז. די פּוילישע לעגיאָנען באַמיהען זיך איינצונעמען ו ו י ל נ אַ און אונטערדריקען ליטע און דעם ווייס־רוסישען פּראָלעטאַריאַט. אין די פּאָרטען פונ'ם שווארצען ים אונטערשטיצט דער אַמוויינינגסטען ציווי־ליזירטער קאָלאָניאַלער חיל פון די אַליאירטע די ווייסע גוואַר־דיע.

עס ווערט אויך אָנגעוויזען, אַז די סאָוועט־רעגירונג האָט אָנגעבאָטען קאָנצעסיעס, כדי אָפּצוקויפען די אימפּעריאַליסטי־שע לענדער, נאָר זי האָט אויף דעם ניט געקראָגען קיין ענטפער.

נעמענדיג דאָס אַלץ אין אַנבעטראַכט, איז די פאָדערונג צו ענדיגען דעם בירגער־קריעג פּונקט דאָסזעלבע, ווי די פאָדע־רונג, אַז דער ארבייטער־קלאַס און דאָס אָרימע פּויערטום זאָ־לען זיך ענטוואָפנען, אין דער צייט וואָס באַנדיטען און תלינים רוקען זיך אַלץ נעהנטער אויף זיי פון אַלע זייטען. מיט איין וואָרט — עס איז די ערגסטע פאָרם פון שטאַאַטס־פאַרברעכען, נעמליך, פאַרראַט צו אַן ארבייטער־און פּויערים־שטאַאַט.

דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט באַטראַכט אַלס נוציליך יעדע סאָרט קריטיק פון דער אַרבייט פון דער סאָוועט־רעגירונג אין אַלע איהרע אָפּטיילונגען. אָבער ער קאָן דאָך ניט דערלויבען, אַז הינטער דער רויטער אַרמיי פון אַרבייטער און פויערים, באַשיצט פון דער זעלבער אַרמיי, זאָל אָנגעהן אַן אומבאַגרעניצ־טע אַגיטאַציע, וועלכע קאָן בלויז האָבען איין רעזולטאַט, און דאָס איז — די אָפּשוואַכונג פון סאָוועטען־רוסלאַנד אינ׳ם אנגעזיכט פון אַזוי פיעל פיינד.

דעריבער ווערט דער „וסעגדאַ ווּפּעריאָד“ אָפּגעשטעלט, ביז די מענשעוויקעס וועלען באַווייזען מיט מעשים, אַז זיי זייַ־נען גרייט צו פאַרטיידיגען און אונטערשטיצען די רעוואָלוציע. אין דער זעלבער צייט וואָרענט דער קאָמיטעט די מענשעווי־קעס, אַז אויב זיי וועלען אָנהאַלטען זייער קאָנטר־רעוואָלוציאָ־נערע אַרבייט, וועט די סאָוועטען־רעגירונג פיהלען זיך גע־צוואונגען „אַרויסצושיקען זיי אין די טעריטאָריעס פון ק אָ ל־ ט ש א ק׳ס דעמאָקראַטיע“.

די דאָזיגע ענדונג איז באַגריסט געוואָרען מיט געלעכטער און אַפּלאָדיסמענטען, און מיט דעם האָט זיך דער מיטינג גע־שלאָסען.

## דער קאָמיסאַריאַט פון אַרבייט

דעם 28טען פעברואַר.

היינט אין דער פריה בין איך אַוועקגעגאַנגען אין דעם אַר־בייטס־קאָמיסאַריאַט, צו זעהן ש מ י ד ט׳ן, דעם קאָמיסאַר. ש מ י ד ט איז אַ ריין־געגאָלטער, אינטעליגענטער יונגערמאַן, וועמעס פעהיגקייט פאַר געשעפטס־מעטאָדען איז צו זעהן פון זיין קאָמיסאַריאַט וועלכער, ניט אַזוי ווי דער קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערליכע אַנגעלעגענהייטען, ווערט געהאַלטען זעהר ציכ־טיג און זעהר גוט אָרגאַניזירט.

איך האָב איהם דערצעהלט, אַז איך בין באַזונדערס פאַר־אינטערעסירט צו הערען, וואָס ער האָט צו זאָגען אַלס אַן ענטפער אויף די באַשולדיגונגען, וועלכע ווערען געמאַכט דורך די מענ־

שעוויקעס און לינקע עקסטרעמיסטען, נעמליך, אז די ארבייטער־קאָנטראָלע איז געוואָרען בלויז א טויטער בוכשטאב, און אז א צייט וועט קומען, ווען די ארבייטער־געווערקשאפטען וועלען זיך אויפהויבען קעגען די רעגירונגס־אָרגאַניזאציאָנען.

שמידט האָט מיר געענטפערט:

— די דאָזיגע אַלע באשולדיגונגען זיינען אויסגעצייכענט פון אן אגיטאטאָרישען שטאנדפונקט, אָבער די ארבייטער־געווערקשאפטען זעלבסט וואָלטען געוועזען די ערשטע זיך אויסצולאַכען פון דעם. דיזער קאָמיסאריאט, צום ביישפיעל, וועלכער איז דער אמת'ער ארבייטער־צענטר, ווערט קאָנטראָלירט דירעקט דורך די געווערקשאפטען. איך, דער ארבייטער־קאָמיסאר, בין דירעקט ערוועהלט געוואָרען דורך דעם הויפט־ראט פון די געווערקשאפטען (טרייד־יוניאָנס). פינף פון דעם קאָלעגיום פון ניין מיטגלידער, וועלכער קאָנטראָלירט די ארבייט פונ'ם דאָזיגען קאָמיסאריאט, ווערען דירעקט ערוועהלט דורכ'ן הויפט־ראט פון די געווערקשאפטען, און די איבעריגע פיער ווערען באשטימט דורכ'ן ראט פון פאָלקס־קאָמיסארען, אזוי אז די יוניאָנס האָבען א באשטימטע מאיאָריטעט אין אַלע ארבייטער־פראגען. אַלע ניין מיטגלידער פונ'ם קאָלעגיום ווערען באשטעטיגט דורכ'ן ראט פון פאָלקס־קאָמיסארען, וועלכער רעפּרעזענטירט דעם גאנצען שטאאט, און דער קאָמיסאר זעלבסט ווערט באשטעטיגט דורכ'ן אַל־רוסישען עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

די ארבייטער־קאָנטראָל, ווי זי איז צוערשט איינגיפיהרט געוואָרען, האָט שנעל געפיהרט צו א סך נארישקייטען און האָט געמוזט באדייטענד מאָדיפיצירט ווערען, וואָס איז זעהר ניט גע־פעלען געוואָרען די עקסטרעמע עלעמענטען. עס איז קלאָר גע־וואָרען אז די ארבייטער, טראכטענדיג בלויז פון זייערע אייגענע אינטערעסען, קענען נאָך שאָדען דער גאנצער געמיינשאפט און אזויערנאָך, סוף כל סוף, זיך זעלבסט.

דער אופן, ווי אזוי די ארבייטער־קאָנטראָל איז מאָדיפי־צירט געוואָרען, איז אן אינטערעסאנטער ביישפיעל פון דעם ווי אזוי די גראָבערע פאָרשטעלונגען וועגען דעם קאָמוניזם ווערען מאָדיפיצירט דורכ'ן לעבען גופא, אָהן דער הילף פון טענקס,

עראָפּלאַנען אָדער באַיאָנעטען. מען האָט אויסגע׳חשבונ׳ט, אַז וויבאַלד די פאַבריק איז דער אייגענטום פון דער גאַנצער געמיינ־שאַפט, ניט בלויז פון די געוויסע אַרבייטער, וואָס אַרבייטען אין איהר, דעריבער דאַרף די גאַנצע געמיינדע האָבען אַ באַדייטענדע דעה אין איהר פאַרוואַלטונג. דער רעזולטאַט פונ׳ם דאָזיגען אויס׳חשבונ׳ען איז דער, אַז די ספּעציאַליסטען־טעכניקער און די עקספּערטען־פאַרוואַלטער הייגנען מעהר ניט אָפּ פונ׳ם קאַפּ־ריז פון אַ אויפ׳ס גיך צוזאַמענגערופענער אַרבייטער־פאַרזאַמ־לונג, וועמען עס קאָן נאָך ניט געפעלען ווערען מאַנכע פון זייערע פאַראָרדנונגען, ווייל זיי וועלען זיי איינפאַך ניט פאַרשטעהן.

איצטער באַשטעהט די פאַרוואַלטונג פון אַ נאַציאָנאַליזיר־טער פאַבריק פון אַן אַדמיניסטראַטיוו־עקאָנאָמישען ראַט. און איהם געהען אַריין פאָרשטעהער פון די אַרבייטער און פון דער קאָנטאָר, פאָרשטעהער פון די העכערע טעכנישע און קאָמערציע־לע שטאַבען, די דירעקטאָרם פון דער פאַבריק, וועלכע ווערען באַשטימט דורך דער צענטראַלער דירעקציע פון נאַציאָנאַלע פאַבריקען, פאָרשטעהער פונ׳ם לאָקאַלען ראַט פון געווערקשאַפ־טען, פונ׳ם ראַט פאַר געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע, פונ׳ם לאָ־קאַלען סאָוועט, פון דער אינדוסטריעלער יוניאָן פון דער אינ־דוסטריע, וועלכע ווערט געאַרבייט אין דער געגעבענער פאַבריק, צוזאַמען מיט איין פאָרשטעהער פון דער אַרבייטער׳ס קאָאָפּע־ראַטיוו־געזעלשאַפט און איין פאָרשטעהער פונ׳ם פויערים־סאָ־וועט פונ׳ם דיסטריקט, אין וועלכען עס געפינט זיך די פאַב־ריק.

די פאָרשטעהער פון די אַרבייטער און פון דער קאָנטאָר פון דער פאַבריק טאָרען ניט צוזאַמענשטעלען מעהר ווי אַ העלפט פונ׳ם דאָזיגען ראַט. דיזער ראַט באַטראַכט די אינערליכע אָרד־נונג פון דער פאַבריק, אירגענד וועלכע קלאַגען, די מאַטעריעלע און מאָראַלישע אַרבייטס־צושטענדען, אַ. אַ. וו. אין טעכנישע פראַגען טאָר ער זיך ניט מישען, ער קאָן בלויז געבען אַן עצה.

די נאַכט איידער איך האָב געזעהן ש מ י ד ט׳ן, איז צו מיר אַריינגעקומען דער קליינער פ י נ ב ע ר ג שפּילען אַ שאַכמאַט. ער איז געווען זעהר אויפגערודערט, ווייל ער איז

אָקאָרשט געקומען פון א מיטינג פון זיין יוניאָן (דער יוניאָן פון קאָנטאָר־ארבייטער, פּריקאַזטשיקעס, א. א. וו.), וואו א גרויסע מאיאָריטעט איז ארויסגעטראָטען געגען די באָלשעוויקעס, נאָכ־דעם ווי די לעצטע זיינען ביטער קריטיקירט געוואָרען טאקי אי־בען דער אייגענער פראגע.

פ י נ ב ע ר ג האָט מיר דערצעהלט, אז דער גרונד־באזיס פאר דער אומצופרידענהייט איז אייגענטליך דער מאנגעל אין שפייז, אָבער די קריטיק האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון א פראָטעסט קעגען ט ש י ט ש ע ר י נ׳ס נאָטע פונ׳ם פערטען פעברואר, וואו ער שלאָגט פאָר די אויסלענדישע רעגי־רונגען קאָנצעסיעס. די דאָזיגע קאָנצעסיעס, טענה׳ט דער פראָ־טעסט, מיינען קאנצעסיעס פאר׳ן אויסלענדישען קאפּיטאל, וועל־כער וועט גרינדען אין רוסלאנד קאפּיטאליסטישע צענטערס, וועלכע וועלען זיך סוף כל סוף פארשפּרייטען, און, צווייטענס, האָבען די קאָמוניסטען זעלבסט, דורך זייער מאָדיפיציראונג פון דער ארבייטער־קאָנטראָל, ארייגעפיהרט שטאאטס־קאפּיטא־ליזם, אנשטאט סאָציאליזם.

איך האָב עס איצטער דערצעהלט ש מ י ד ט׳ן, און געבעטען איהם ער זאָל מיר דערקלערען די פיינדשאפט פון דער יוניאָן צו די באָלשעוויקעס.

ער האָט זיך פאנאנדערגעלאכט און געזאָגט:

— ערשטענס איז די דאָזיגע יוניאָן לחלוטין ניט קיין אינדוסטריעלע יוניאָן, נאָר באשטעהט גראָד פון יענעם סאָרט מענשען וועמעס אינטערעסען זיינען ניט די זעלבע, ווי די אר־בייטערס אינטערעסען. צווייטענס, באשטעהט די דאָזיגע יוניאָן פון די אלטע רעגירונגס־בעאמטע, וועלכע האָבען אין דער צייט פון דער נאָוועמבער רעוואָלוציע., ווי איהר געדיינקט נאָך מסתמא, פארלאָזען די מיניסטעריומס און אין א סך פאלען צוגענומען די געלדער אויך מיט זיך. סוף כל סוף האָבען זיי זיך אומגעקעהרט, נאָר כאָטש זיי האָבען זיך מורא צו ארבייטען קעגען דער רעוואָ־לוציע אָפּענערהייט, האָבען זיי נאָך ניט אָנגעוואָרען זייער אלטע שנאה צו אונז. ווי איהר זעהט דאָך זעלבסט, באריהרען ניט די זאכען, קעגען וועלכע זיי האָבען נעכטען בייגאכט פּראָטעס־

טירט, זיי מעהר פון אַלעמען. יעדער אַנדער אויסרייד וואָלט נעגאַלטען.

— אויב איהר ווילט וויסען — האָט ער ווייטער פאָרט־געזעצט — די שטעלונג פון די געווערקשאַפטען — דאַן גיט אַ קוק אויפ'ן קאָנגרעס פון די ארבייטער־יוניאָנס, וועלכער האָט אונז דורכאויס אונטערשטיצט. ער וועט אייך צייגען אַ גאַנץ אַנדער בילד פון דער לאַגע. זיי ווייסען גאַנץ גוט, אַז די אַר־בייטער־יוניאָנס האָבען דאָס לעצטע און באשטימענדע וואָרט אין אַלע פראַגען, וואָס ריהרען אָן די ארבייטער. איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז די יוניאָנס ערוועהלען די מאַיאָריטעט מיט־גלידער פון דעם קאָלעגיום, וועלכער קאָנטראָלירט דיזען קאָמי־סאריאַט. איך וואָלט נאָך צוגעגעבען, אַז די דריי וויכטיגסטע דעפּאַרטאַמענטען פונ'ם ארבייטס־קאָמיסאריאַט — דער דע־פּאַרטאַמענט פאַר דער אָפּהיטונג פון די ארבייטער־אינטערעסען, דער דעפּאַרטמענט פאַר דער ארבייטס־צוטיילונג און דער דע־פּאַרטאַמענט פאַר דער רעגולירונג פון שכירות — זיי ווערען אַלע קאָנטראָלירט דורך די יוניאָנס.

— וואָס פאַר אַ ווירקונג האָבען אויפ'ן קאָמיסאריאַט די פארשידענע פּאָליטיקעס?

— קיינע. מיר רעכענען זיך ניט מיט קיינע פּאָליטיקעס, גראַד דערפאַר ווייל מיר ווערען קאָנטראָלירט דורך די יוניאָן'ס, און ניט דורך אירגענד וועלכע פּאָליטישער פּאַרטיי. מענשעווי־קעס, מאַקסימאַליסטען און אַנדערע האָבען געארבייט און אַר־בייטען נאָך יעצט אין דיזען קאָמיסאריאַט. עס פארשטעהט זיך, אַז אויב איינער וואָלט געווען אַ געגנער פון דער רעוואָלוציע אין אַלגעמיינעם, וואָלטען מיר איהם דאָ ניט געדולדעט, ווייל דאַן וואָלט ער אונז גיכער געשאַדט, איידער געהאָלפען.

איך האָב ביי איהם געפרעגט, אויב ער דיינקט, אַז די אַר־בייטער־יוניאָנס וועלען ווען ס'איז ניט איז פארשווינדען אין די סאָוועט־אָרגאַניזאַציעס. ער דיינקט, אַז ניט. פאַרקעהרט, דורך דער גאַנצער צייט פון דער רעוואָלוציע האָבען זיי געהאָל־טען אין איין וואַקסען. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז אין זיי איז פאָרגעקומען איין גרויסע ענדערונג. טרייד־יוניאָנס זיינען

צונויפגעשמאָלצען געוואָרען אין איין גרויסער אינדוסטריעלער יוניאָן, כדי צו פארמיידען קאָנפליקטען צווישען באַזונדערע סעק־ציעס פון דער זעלביגער אינדוסטריע. אזוי, צום ביישפּיעל, האָבען ניט די באָילער מייקערס און די שמידען קיין צוויי באַזונדערע יוניאָנס, נאָר זיינען ביידע פאראייניגט אין איין יוניאָן פון די מעטאַל־ארבייטער.

— די דאָזיגע צוזאַמענשמעלצונג רופט זיך אויך אָפּ אויף רעפאָרמעס און ענדערונגען. למשל, א העכערונג אין וויידזשעס קומט איינצייטיג פאָר איבער גאַנץ רוסלאַנד. אָבער די פּרייזען אויף לעבענס־מיטלען זיינען פארשידען אין פארשידענע טיילען פון׳ם לאַנד, ווייל עס זיינען דאָ פונקט אזעלכע קלימאַטישע אונטערשיידען צווישען די פארשיידענע טיילען פון רוס־לאַנד, ווי צווישען די פארשיידענע אייראָפּעאישע לענדער. פּאָליטיק, וואָלט אין איינהייטליכע שכירות־העכערונג איבער׳ן גאַנצען לאַנד זיך ארויסגעוויזען צו זיין זעהר גינסטיג פאר אייגענע, און זעהר ניט־יושר׳דיג פאַר אַנדערע. די העכערונג איז דעריבער פּראָפּאָרציאָנעל צו די פּרייזען אויף לעבענס־מיטלען. מ אָ ס ק ו ו ע ווערט גענומען אַלס א הונדערט־פּראָצענטיגע נאָרמע, ווען א נייער מינימום־לוין ווערט עטאַבלירט אין מאָס־קווע, פארגרעסערען די אנדערע געגענדען זייער מינימום־לוין פּראָפּאָרציאָנעל. א טאַבעלע איז אויסגעארבייט געוואָרען, לויט וועלכע, אָננעמענדיג מ אָ ס ק ו ו ע אַלס א הונדערט־פּראָצענ־טיגע נאָרמע, קריגט פּ ע ט ר אָ ג ר א ד 120 פּראָצענט, וו א ר א נ ע ז ש אָדער ק ו ר ס ק — 70, א. א. וו.

מיר האָבען גערעדט וועגען דעם נייעם פּראָגראַם פון די קאָמוניסטען, פון וועלכען רויהע אנוואָרפונגען זיינען געדרוקט געוועזען אין די צייטונגען פאַר דיסקוסיע. ער האָט מיר אָנגע־וויזען זיינע אייגענע אויסבעסערונגען, אויף ווי דאָס פּראָגראַם ריהרט אָן די ארבייטער. ער וואָלט וועלען, אז דאָס פּראָגראַם זאָל אריינגעמען אין זיך, צווישען אנדערעס, די ווייטערדיגע מעכאַניזירונג פון דער פּראָדוקציע, דערהויפּט די מעכאַניזירונג פון אַלע אומאַנגענעהמע און שמוציגע פּראָצעסען ; פארבעסער־טע סאַניטאַרע אינספּעקציע ; א פארקירצונג פון די ארבייטס־

שטונדען אין יענע באשעפטיגונגען, וואָס זיינען שעדליך צום געזונט; פרויען וועלכע האָבען אַ קינד זאָלען פאַרבאָטען ווערען צו טאָן אַלע שווערע ארבייטען, און זאָלען ניט טאָרען טאָן גאָר קיין שום ארבייט אין משך פון אכט וואָכען איידער דער ענט־בינדונג, און אכט וואָכען צייט שפּעטער; די פאַרבאָטונג צו ארבייטען אָווערטיים, א. אַ. וו.

— מיר האָבען שוין לאַנג אריבערגעשטייגט אונזער אַלטע פּראָגראַם, און אונזער נייע פּראָגראַם שפּאַנט נאָך ווייטער אַוועק. רוסלאַנד איז דאָס איינציגע לאַנד אין דער וועלט, וואו אַלע ארבייטער קריגען צוויי וואָכען וואקאַציע יעדען יאָהר, און ארבייטער אין געפעהרליכע אָדער אומגעזונטע באשעפטיגונגען קריגען אַ גאַנצען חדש.

איך האָב מיך אָנגערופען:

— זעהר גוט, אָבער דיינקט איהר ניט, אַז עס איז דאָ אַ היבשער מהלך צווישען דער אננעמונג פון אַ געזעץ און זיין דורכפיהרונג?

ש מ י ד ט האָט זיך צולאַכט:

— אין געוויסע זאַכען — יאָ. למשל, מיר זיינען קעגען אָווערטיים, אָבער, ביי די איצטיגע אומשטענדען אין רוסלאַנד, וואָלט עס דאָך פּשוט געמיינט אַז מיר זיינען מקריב די רעוואָלו־ציע צוליעב אַ טעאָריע, אויב מיר וואָלטען ניט ערלויבט און אפילו דערמוטיגט אָווערטיים־ארבייט און טראַנספּאָרט־פּאַרריכ־טונגען. דאָס זעלבע וואָלטען מיר דאָך געווען קרימינעלע שקלאַפען צו אונזערע טעאָריעס, אויב מיר וואָלטען ניט ערלויבט אינגלאַך פון אונטער זעכצעהן יאָהר צו ארבייטען אין די פאַב־ריקען, אין דער צייט, וואָס מיר קענען דערווייל ניט אויפבויען די נויטיגע שולען, וואו מיר וואָלטען געוואָלט, אַז זיי זאָלען זיין. אָבער די פּראָגראַם איז דאָ, און אַזוי שנעל, ווי מיר וועלען קענען, וועלען מיר זי דורכפיהרען.

## בילדונג

דעם 28טען פעברואר.

אין דעם קאָמיסאַריאַט פאַר פאָלקס־בילדונג האָב איך באַוויזען פּראָפעסאָר פּאָקראָווסקי׳ן אַ קאָפּיע פון דעם ביכעל: „די דייטש־באָלשעוויסטישע קאָנספּיראַציע״, וועלכע איז ערשינען אין אַמעריקאַ. עס ענטהאַלט דאָקומענטען, וועלכע דאַרפען כלומר׳שט דערווייזען, אַז דער דייטשער גענעראַל־שטאַב האָט עס אַראַנזשירט די נאָוועמבער־רעוואָלוציע, און אַז די באָלשעוויקעס זיינען בלויז דייטשישע אַגענטען.

דער שוואַכסטער פּונקט וועגען די דאָזיגע דאָקומענטען איז דאָס, וואָס די וויכטיגסטע פון זיי האָבען, ניט קיין עקזיס־טענץ־אורזאַך, סיידען אפשר בלויז צו דערווייזען, אַז עס איז פאָרגעקומען אַזאַ קאָנספּיראַציע... דאָס זיינען די דאָקומענטען, וועלכע מר. סימאָן האָט אָפּגעקויפט.

מיר איז געווען אינטערעסאַנט צו הערען, וואָס פּאָקראָווסקי האָט צו זאָגען וועגען זיי. ער האָט זיי דורכגעקוקט. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט שוין געזעהן געפעלשעווע־טע דאָקומענטען, וועלכע זיינען צוגעגרייט געוואָרען מיט מעהר טאַלאַנט. אלס אַ באַווייז האָט ער מיר אָנגעוויזען דעם דריטען דאָקומענט, וועלכער ענדיגט זיך מיט די כלומר׳שע חתימות פון זאַלקינד׳ן, פּאָליוואַנאָוו׳ן, מעכאַנאָשינען און יאַפּפע׳ן. פּאָקראָווסקי האָט באַמערקט, אַז דער יעניגער, וועלכער האָט געפאַלשעוועט דיזע דאָקומענטען, האָט טאַקי געוואוסט אַ היבש ביסעל, אָבער טאַקי ניט אינגאַנצען, ווייל די דאָזיגע פּערזאָנען, וועלכע ווערען אָנגעגעבען אלס פולבאַרעכטיגטע פון דעם ראַט פון פאָלקס־קאָמיסאַרען״, כאָטש זיי זיינען אַלע געווען בעאַמטע פון דער סאָוועט־רעגירונג, האָבען ניט געקאָנט זיין — אין יענער צייט — דאָס, וואָס זיי ווערען פאָרגעשטעלט. פּאָליוואַנאָוו, למשל, איז געווען אַ גאַנץ אומבאַדייטענדער בעאַמטער. יאַפּפע, פאַרקעהרט, איז געווען אַ בעאַמטער פון אַ געוויסער וויכטיגקייט. דאָס צוזאַמענשטעלען פון די נעמען אין דער אָרדנונג, אין וועל־

כער זיי געפינען זיך אויפ'ן דאָקומענט, קוקט אוים אזוי קאָמיש, ווי ווען איינער וואָלט געהאט פּראָדוצירט א דאָקומענט, גע־חתמ'עט דורך ל ע נ י נ'ען און דעם קאָמענדאַנט פון'ם ק ר ע מ ל י ן, דערביי אוועקשטעלענדיג דעם לעצטענס חתימה צום ערשטען.

פּ א ק ר אָ װ ס ק י האָט מיר דערצעהלט א היבש ביסעל וועגען דעם צוזאמענשטעל פון'ם בילדונגס־קאָמיסאריאט, ווייל ל ו נ א ט ש א ר ס ק י, דער בילדונגס־קאָמיסאר, איז גראד געווען אין פּ ע ט ר אָ ג ר א ד.

די רוטינע ארבייט ווערט אָנגעפיהרט פון א קאָלעגיום פון ניין מיטגלידער, וועלכע ווערען באשטימט דורכ'ן ראט פון פּאָלקס־קאָמיסארען. דער בילדונגס־קאָמיסאר זעלבסט ווערט אָנגעשטעלט דורכ'ן אל־רוסישען עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. אויסער דעם עקזיסטירט נאָך א ג ר ו י ס ע ר ק אָ ל ע ג י ו ם, וועל־כער קומט זיך צונויף זעלטען, כדי צו באשליסען וועגען וויכ־טיגע פראגען. אהער געהען אריין פאָרשטעהער פון די געווערק־שאפטען, פון די ארבייטער־קאָאָפּעראטיוועז, דער לעהרער'ם יוניאָן, פון פארשידענע קאָמיסאריאטען, ווי, צ. ב., דער קאָ־מיסאריאט פאר נאציאָנאליטעטען ־ אנגעלעגענהייטען און אנ־דערע עפענטליכע אָרגאניזאציעס.

ער האָט מיר אויך געגעבען א סך ציפערען, וועלכע אילוס־טרירען די בילדונגס ארבייט, וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרען פאר דער צייט פון דער רעוואָלוציע. פריהער זיינען בלויז גע־ווען זעקס אוניווערזיטעטען, איצטער זיינען שוין דאָ זעכצעהן. די מייסטע פון זיי זיינען ערעפענט געוואָרען דורך דער איני־ציאטיווע פון די לאָקאלע סאָוועטען, ווי, צ. ב., אין נ י ז ש נ י, א ס ט ר א כ א ן, ק א ס ט ר א מ א, ט א מ ב אָ ו, ס מ אָ־ל ע נ ס ק און נאָך א סך ערטער.

נייע פּאָליטעכניקומען האלטען אין געגרינדעט ווערען. א נייער פּאָליטעכניקום איז אויפגעעפענט געוואָרען אין א י־ו ו א נ א ־ ו ו אָ ז נ ע ס ע נ ס ק. נאָך איינער ווערט צוגע־גרייט אין ב ר י א נ ס ק. די צאָהל סטודענטען האָט זיך פאר־גרעסערט אומגעהויער, כאָטש ניט אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע,

ווי די צאָהל אוניווערזיטעטען. דאָס נעמט זיך טיילווייז פון דעם שפּייז־מאַנגעל, וועלכער האַלט אָפּ אַ סך סטודענטען פון קומען אין די שטעדט אריין, און טיילווייז אויך מחמת דעם, וואָס איי־ניגע אוניווערזיטעטען זיינען נאָך ניי, און דארפען נאָך ערשט צונויפזאמלען ארום זיך זייערע סטודענטען.

אַלע סאָרטען בילדונג זיינען פריי.

לעצטען אויגוסט איז דורכגעגאנגען אַ באשלוס, וועלכער פארוואָרפט אַלע פאָרברייטונגס־עקזאַמענס פאַר די פּערזאָנען, וועלכע ווילען ווערען סטודענטען. מען רעכענט, אַז עס זיינען דאָ אַ סך מענשען וועלכע זיינען געשטערט געוואָרען, דורך דער מלחמה אָדער די פאר־רעוואָלוציאָנערע אומשטענדען, אין זייער פארלאנג צו ערווערבען יענעם סאָרט וויסען, וועלכער קאָן אויסגעפּרובירט ווערען דורך עקזאַמענס, וועלכע קאָנען אָבער באזוכען די לעקציעס און שטארק פּראָפּיטירען דערביי. מען גלויבט אויך, אַז קיינער וועט ניט באזוכען פרייוויליג קיין לעק־ציעס, וועלכע ברייגען איהם ניט קיין שום נוצען.

עס ווערט געהאָפּט צו קריגען אַזוי פּיעל ארבייטער־סטו־דענטען, ווי נור מעגליך. זינט דער אויבענדערמאָנטער באשלוס איז דורכגעגאנגען, איז די צאָהל סטודענטען פון דער מאָסקווער אוניווערסיטעט, צום ביישפּיעל מעהר ווי פארדאָפּעלט גע־וואָרען.

עס איז אויך אינטערעסאנט צו באמערקען, אַז אַ גרעסערע צאָהל פון די נייע סטודענטען שטודירען אויף די פאַקולטעטען פון וויסענשאפט, געשיכטע און פילאָסאָפיע, ווי אויף די פאַקול־טעטען פון מעדיצין און יוריספּרודענץ.

די שוהלען ווערען פאראייניגט אויף אַ נייעם באזיס, אין וועלכען ארבייט שפּילט אַ גרויסע ראָליע. איך בין מיך אָפען מודה, אַז איך פארשטעהע ניט — און, ווי מען גיט מיר איבער, פארשטעהען עס אויך ניט אַ סך לעהרערס — ווי אַזוי דאָס ווערט געטאָן. אַלערליי סאָרטען האנדווערק פארנעמט אַ גרויסען פּלאַץ אין דעם פּלאַן. די שוהלען ווערען צוטיילט אויף צוויי קלאַסען: איין קלאַס פאַר קינדער פון זיבען ביז צוועלף יאָהר

אַלט און דער צווייטער קלאַס פאַר קינדער אינ׳ם עלטער פון צווישען דרייצעהן און זיבענצעהן יאָהר.

א מיליארד רובעל איז באשטימט געוואָרען כדי צו שפּייזען די קינדער אין די דאָזיגע שוהלען, און די, וואָס נויטיגען זיך אממייסטען, קריגען אויך קליידער און שוכוואַרג.

עס זיינען אויך דאָ אַ סך קלאַסען פאַר ארבייטער, וועמעס צוועק עס איז צו געבען דעם ארבייטער אַן אַלגעמיינעם וויסענשאַפטליכען באגריף פון זיין מלאכה, כדי ער זאָל ניט זיין קיין בלויזע מאשינע, וועלכע האַלט אין איין ארבייטען אויף איין־און־איינציגען אומפארשטענדליכען פּראָצעס. אזוי, צום ביישפּיעל, קאָן אַ באַילער־מאַכער באזוכען אַ קורס איבער מעכאַנישער אינזשענירונג, אַן עלעקטריק־ארבייטער — אַ קורס אין עלעקטריציטעט. די בעסטע אגריקולטורעלע עקספּערטען ווערען אָנגעשטעלט צו האַלטען עהנליכע לעקציעס פאַר די פּויערים.

די ארבייטער פילען אָן די דאָזיגע קורסען. איין קורס, צום ביישפּיעל, ווערט באזוכט פון טויזענד מענשען, ניט קוקענדיג אויף דער אונמענשליכער קעלט, וועלכע הערשט אין די לעקציאָנס־צימערען. פּ אָ ק ר אָ ו ו ס ק י האָט מיר דערצעהלט אז ביי די פּראָפעסאָרען פון וויסענשאַפט ווערען די הענט אָפּגעפרוירען פונ׳ם אָנריהרען דעם אייזיגען מעטאַל פון זייערע אינסטרומענטען בשעת די וויסענשאַפטליכע דעמאָנסטרירונגען.

די פאָלגענדע ציפערען שטעלען מיט זיך אויף אַ רויהען אופן פאַר דעם וואוקס אין דער צאָהל פון ביבליאָטעקען. אין אָקטאָבער, 1917, זיינען אין פּ ע ט ר אָ ג ר א ד געווען 23 ביבליאָטעקען, און אין מ אָ ס ק ו וע — 30. ביי היינטיגען טאָג זיינען דאָ אין פּ ע ט ר אָ ג ר א ד 49 ביבליאָטעקען, און אין מ אָ ס ק ו ו ע — 85, אויסער ארום אַ הונדערט צענטערם פאַר ביכער־פאַנאַנדערטיילונג. אַן עהנליכער וואוקס אין ביבליאָטעקען איז צו באַמערקען אויף דער פּראָווינץ. אינ׳ם א ו ז א ל ס ק י אויעזד, צ. ב.,זיינען איצט דאָ 73 דאָרפס־ביבליאָטעקען, 35 גרעסערע ביבליאָטעקען און 500 לעזע־צימערן. אין מ אָ ס ק ו ו ע האָט זיך די צאָהל פון בילדונגס־אינסטי־

טוציעס ניט אַריינרעכענענדיג קיין שוהלען, פאַרגרעסערט פון 369 אויף 1,357.

עס זיינען דאָ באַזונדערע דעפּאַרטאַמענטען, וואָס גיבען זיך אָפּ מיט דער צירקולירונג פון׳ם געדרוקטען וואָרט. זיי האָבען באמת׳ן ענטוויקעלט אַ וואונדערבאַרע אָרגאַניזאַציע. איך בין אַריבערגעגאַנגען אין זייערע הויפּט-קוואַרטירען אויף דער טווערסקאַיאַ, און האָב דאָרטען געזעהן אַ ריזיגע געאָגראַפישע מאַפּעס פון רוסלאַנד, אויף וועלכע די דיסטריביוציאָנס-צענטערס זיינען אָנגעצייכענט מיט אָנווייזונגס ציפערען, אַזוי אַז עס איז מעגליך צו וויסען אין איין מאָמענט וואָס פאַר אַ צאָהל פון יעדער נייער אויסגאַבע זאָל געשיקט ווערען צו יעדען פון זיי. יעדער פּאָסט-אָפּיס איז אַ פאַנאַנדערטיילונגס-צענטער, וואוהין אַ געוויסע צאָהל פון אַלע אויסגאַבען, פון אַ פּעריאָדישען אָדער אַנדער כאַראַקטער, ווערען געשיקט.

די לאָקאַלע סאָוועטען בעטען דורך די פּאָסט-אָפּיסעס אַזעלכע קוואַנטיטעטען געדרוקטען מאַטעריאַל, וויפיעל זיי געברויכען, אַזוי אַז דער אָנבאָט ווערט גענוי רעגולירט דורך דער נאָכפראַגע. די קיאָסקען, וועלכע פאַרקויפען ביכער, שיקען אריין באַריכטען וועגען דעם, און וויפיעל קאָפּיעס די פאַרשידענע צייטונגען געהן זיך פאַנאַנדער כדי צו פאַרמיידען אַן אומזיסמיגע איבער-פּראָדוקציע. דאָס איז זעהר אַ וויכטיגער ענין אין אַ לאַנד, וועלכעס שטעהט אייגנצייטיג פּנים אל פּנים מיט אַ שטאַרקע נאָכפראַגע נאָכ׳ן געדרוקטען וואָרט און מיט אַן אויסער גוואַלדיגער אייניגקייט אין פּאַפּיר.

עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו פאַרמאָגען אַ סטאַטיסטיקס, וועלכע זאָל פאַר אונז אילוסטרירען דעם כאַראַקטער פון דער ליטעראַטור, אויף וועלכער עס איז דאָ אַזאַ שטאַרקע נאָכפראַגע. איין זאַך אָבער קאָן מען גלייך זאָגען. קיינער לייענט ניט קיין סענטימענטאַלע ראָמאַנען. ווי עס איז צו ערוואַרטען אין אַ צייט פון אַ גוואַלדיגער פּאָליטישער איבערקערעניש, ווערען פּאַמפלעטען פאַרקויפט אין די טויזענדער. בלויז דעמיאַן ביעדני׳ס מעהר אָדער ווייניגער פּאָ-

ליטישע פּאָעזיע קאָן זיך פאַרגלייכען אין פּאָפּולאַריטעט צו ל ע נ י נ'ס און ט ר אָ צ ק י'ס רעדעס.

פּאַמפּלעטען און ביכער וועגען מ אַ ר ק ס'ן, וועגען דער מלחמה, און דערהויפּט איבער פאַרשידענע פאַזען פון דער רע־וואָלוציע, וועגען פאַרשידענע זייטען פון דעם עקאָנאָמישען אי־בערבוי, איינפאַך־געשריבענע אָפּהאַנדלונגען וועגען געזעצען— דאָס אַלץ פאַרשווינדט כמעט אַזוי שנעל, ווי עס באַווייזט זיך אויפ'ן ביכער־מאַרק. זינט דער רעוואָלוציע איז דאָס לייענען פון דעם מין ליטעראַטור פאַרגעקומען אין אַ ריזיגער מאָס.

אַ סך פּאָעזיע ווערט געלייענט, און אַ סך ווערט אויך גע־שריבען. עס איז אַמוזאַנט צו געפינען אין אַ ברענענדיג־רעוואָ־לוציאָנערער צייטונג ערנסטע אַרטיקלען און בריעף, אין וועלכע גוט־דיינקענדע פּערזאָנען ראָטען די צוקונפטיגע פּראָלעטאַרישע פּאָעטען, זיי זאָלען זיך האַלטען נאָהענט צו פּ ו ש ק י נ'ע ן און ל ע ר מ אָ נ ט אָ ו ו'ן. סיי אין זשורנאַלען און סיי אין בראָשורען געהט אָן אַ וואַרימע פּאָלעמיק וועגען די הויפּט־טעמים פון דער נייער פּראָלעטאַרישער קונסט, וועלכע ווערט ער־וואַרטעט צו געבאָרען ווערען פון דער רעוואָלוציע. זי וועט אויך, אָהן שום ספק, קומען, כאָטש ניט אין דער דערוואַרטעטער פאָרם.

אָבער מען קאָן ניט באַשולדיגען די קאָמוניסטען, אַז זיי זיינען ניט געטריי צו די רוסישע קלאַסיקער. אפילו ר אַ ־ ד ע ק, אַן אויסלענדישער שטיף־קינד און אַן אַדאָפּטירטער רוס, האָט גענומען מיט זיך, אַלס צדה לדרך, גאָגאָל'ן, אַזוי גוט ווי שעקספּיערען, ווען ער איז אַוועקגעפאָהרען צו ערגערען גע־נעראַל האָפּמאַנ'ען אין ברעסט ליטאָווסק. די סאָוועטען־רעגי־רונג האָט פאַרדיענט דעם דאַנק פון אַ סך רוסען, — וועלכע האָבען זי אַזוי פיינט פאַר אַלע אַנדערע זאַכען וואָס זי האָט געטאָן, — דורך דעם אופן, אויף וועלכען זי האָט אריינגע־בראַכט די רוסישע קלאַסיקער אין די ביכער־געשעפטען אריין. ביכער וועלכע מען האָט ניט געקאָנט קריגען, ווי, צ. ב., קלאַ־טשעווסקי'ס „קורסען אין דער רוסישער געשיכטע“, זיינען אי־

בערגעדרוקט געוואָרען פון די אַלטע סטערעאָטיפּען און אָנגע־הויבען פאַרקויפט צו ווערען צו ביליגע פּרייזען.

מיר איז עס אויך געלונגען צו קויפען זיינס אַן אַנדער בוך, זיין „אַן אויסלענדער׳ס געשיכטע פון דעם מאָסקאָוויטי־שען שטאַט“, וועלכען מען האָט אַ לאַנגע צייט ניט געקאָנט קריגען. די רעגירונג האָט אויך איבערגעדרוקט — און פאַר־קויפט צו באַשטימטע נידעריגע פּרייזען, וועלכע קיין איינצעל־פאַרקויפער טאָר ניט העכערען — די ווערק פון קאָלצאָוו, ני־קיטין, קרילאָוו, סאַלטיקאָוו־שצעדרין, גאָנטשאַראָוו, טשעכאָוו, אוספּענסקי, טשערנישעווסקי, פּאָמיאַלאָווסקי און אַנדערע. זי גיט אויך אַרויס טשוקאָווסקי׳ס אויסגאַבע פון נעקראַסאָוו׳ן, דרוקט איבער טאָלסטאָיען, טורגעניעוו׳ן און דאָסטאָיעווסקי׳ן, ביכער פון פּראָפעסאָר טימיריאַזעוו, קאַרל פּירסאָן און נאָך בי־כער פון אַ וויסענשאַפטליכען כאַראַקטער, אויסער די געזאַמעל־טע ווערק פון לענינ׳ס אַלטען געגנער, פּלעכאַנאָוו׳ן. עס איז טאַקע אמת, אַז די דאָזיגע אַלע ביכער ווערען איבערגעדרוקט פון אַלטע פּלאַטען, אָבער וויכטיג איז, וואָס די ביכער זיינען דאָ, און פאַרקויפען זיך אין אַ גרויסער צאָהל.

פון די אַנדערע עקספּערטען איבער דער בילדונגס־אַרבייט פון דער סאָוועט־רעגירונג האָב איך מיך באַראַטען מיט צוויי פריינד, מיט אַ קליינעם אינגעל, ג ל י ע ב, וועלכער רופט זיך אָן איינגע׳עקשנ׳טערהייט אַ קאַדעט, כאָטש זיינע דריי שוועסטער אַרבייטען אין סאָוועט־אינסטיטוציעס, און אַן אַלטען און זעהר קלוגען באַדיענער.

גליעב דערצעהלט, אַז דורך דעם גאַנצען ווינטער האָבען זיי ניט געהאַט קיין באַהייצונג, אַזוי אַז זיי האָבען געמוזט זי־צען אין די שולען אָנגעטאָן אין די מאַנטלען, און דאָס אויך בלויז פּאַר אַ קורצער צייט, ווייל דער פראָסט איז געווען זעהר אַ גרויסער. ער האָט מיר אָבער דערצעהלט, אַז מען האָט איהם יעדען טאָג געגעבען אַ גוטען מאָלצייט, און אַזוי שנעל, ווי עס וועט ווערען וואַרימער, וועלען די שול־אַרבייטען זיך ווידער אָנ־הויבען. ער האָט מיר באַוויזען אַ פּאָר שטיוועל, וועלכע ער האָט געקראָגען אין שול.

דער אַלטער באַדיענער האָט מיר איבערגעגעבען דעם סך הכל פון זיינע צוויי זיהנ'ס עהנליכע ערפאַהרונגען.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט, — זיי געהען אהינצו, זינגען אָפּ די מאַרסעליעזע צוויי מאָל, קריגען אַ מאָלצייט און געהען צוריק אהיים.

איך האָב פּאָקראָווסקי'ן איבערגעגעבען די דאָזיגע קריטיק פון די עקספּערטען.

ער האָט געענטפערט:

— ס'איז דורכאויס אמת. מיר האָבען ניט גענוג טראַנס־פּאָרט־מיטלען צו שפּייזען אונזער ארמיי, שוין ניט ריידענדיג פון ברייננגען שפּייז פּראָדוקטען און הייץ־מאַטעריאַל פאַר אונז זעלבסט. און אויב מיר וואָלטען גענויט די קינדער, אונטער דיזע אומשטענדען, אז זיי זאָלען דורכגעהן אלע למודים, וואָל־טען מיר איינגיכען געהאט גוטע גופ'לאָך, ניט קיין קינדער. אָבער מיט'ן הייסען זיי צו קומען אין די שולען נאָך זייערע מאָל־צייטען, דערגרייכען מיר צוויי זאַכען: מיר האַלטען זיי אויף ביים לעבען, און וואָרצלען ביי זיי איין די געוואוינהייט צו געהן אין שולע אריין, און אז עס וועט ווערען וואַרימער, וועלען מיר אויפטאָן מעהר.

## אַ באָלשעוויסטישער מיטגליד פון דער ראָיאַל סאָסייעטי.

פאָלגענדיג ס ו כ א נ אָ ו ו'ס עצה, בין איך געגאַנגען זעהר פּראָפעסאָר ט י מ י ר י א ז ע ו ו'ן, דער גרעסטער רו־סישער דאַרוויניער, וועלכער איז גוט באַוואוסט צו אַ סך ווי־סענשאַפטסלייט אין ענגלאַנד, איז אַן אויסלענדישער מיטגליד פון דער קעניגליכער געזעלשאַפט, האָט דעם טיטעל דאָקטאָר פון דער קעמברידזש יוניווערסיטי, און איז, חוץ דעם אַלעם, אויך אַ באָלשעוויק.

ער איז אַלט ארום אכציג יאָהר. זיין לינקער אָרעם איז פּאַראַליזירט. ער קען, זאָגט ער, בלויז ארבייטען אין זיין קאַ־בינעט, און האָט אָבער ניט קיין פיזישע מעגליכקייט ארומצו־געהן אין דרויסען און העלפען דאָרט, ווי ער וואָלט געוואונשען.

דער בכבוד'ער אַלטער געלעהרטער איז געזעסען אין אַ גרינעם כאַלאַט, ווייל אין זיין קליינער וואוינונג איז געווען קאַלט.

אויף די ווענט זיינען געהאנגען די פּאָרטרעטען פון ד אַ ר־ ו ו י ן, נ י ו ט אָ ן און ג י ל ב ע ר ט, אויסער פּאָרטרע־ טען פון וויסענשאַפטסלייט פון זיין צייט, וועמען ער קען פּער־ זענליך. אומעטום איז געווען צו זעהן ענגלישע ביכער. ער האָט מיר געגעבען צוויי קאָפּיעס פון זיין לעצטען וויסענשאַפט־ ליכען בוך און זיין לעצטען פּאָרטרעט, איך זאָל זיי ברייננגען צו צוויי פון זיינע ענגלישע פריינד.

ער וואוינט מיט זיין ווייב און זוהן. איך פרעג ביי איהם, אויב זיין זוהן איז אויך אַ באָלשעוויק.

— זיכער, — ענטפערט ער מיר.

ער האָט דאַן פאַר מיר איבערגעלייענט אַ בריעף, וועלכען ער האָט געשריבען און אין וועלכען ער פּראָטעסטירט קעגען אינטערווענציע. ער האָט גערעדט וועגען זיין אַלטער ליעבע, וואָס ער פיהלט פאַר ענגלאַנד און פאַר'ן ענגלישען פאָלק. נאָכ־ דעם, ריידענדיג וועגען דעם שלייער פון ליגענס, וועלכער איז אויפגעהאנגען געוואָרען צווישען סאָוועטען־רוסלאַנד און דער איבעריגער וועלט, האָט ער אינגאַנצען צוזאַמענגעבראָכען, און איינגעבויגען זיין קאָפּ, כדי צו באַהאַלטען זיינע טרעהרען.

— מיינע ליידען זיינען דאָפּעלטע, — האָט ער געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך ענטשולדיגט פאַר די שוואַכקייטען פון אַ זעהר אַלטען מאַן. — איך לייד אַלס רוס, אויב איך האָב אַ רעכט דאָס צו זאָגען, איך לייד אויך אַלס ענגלענדער. ענג־ גליש בלוט פליסט אין מיינע אָדערען. מיין מוטער, ווי איהר זעהט, קוקט אויס ווי אַן ענגלענדערין — און ער האָט אָנגע־ וויזען אויף אַ דאַגעררעאָטיפּ אויפ'ן וואַנט, — און מיין באָבע איז טאַקע געווען אַן ענגלענדערין. איך לייד אַלס אַן ענגלענ־ דער, ווען איך זעה, ווי דאָס לאַנד וועלכעס איז האָב ליעב, ווערט פאַרפיהרט דורך ליגענס, און איך לייד אַלס אַ רוס, ווייל די דאָזיגע ליגענס זיינען נוגע דאָס לאַנד צו וועלכען איך גע־ העה, און די אידעעס, מיט וועלכע איז שטאָלציר.

דער אַלטער מאַן האָט זיך קוים אויפגעהויבען, ווייל ער,

פונקט ווי יעדער איינער אין מאָסקווע, שטארבט האלב פון הונ־גער. ער האָט מיר באוויזען זיין בייראָנ׳ען, זיין שעקספיר׳ן, זיין ענציקלאָפּעדיע בריטאַניקאַ, זיינע ענגלישע דיפּלאָמאַס. ער האָט אָנגעוויזען אויף די פּאָרטרעטען, וועלכע זיינען געהאַנגען אויף דער וואַנט.

— אויב איך וואָלט נאָר געקאָנט דערצעהלען מיינע פריינד אין ענגלאַנד דעם אמת, — האָט ער געזאָגט — וואָלטען זיי פּראָטעסטירען קעגען די האַנדלונגען, וועלכע פּאַסען זיך ניט פאַר דעם ענגלאַנד, וועלכען מיר האָבען געליעבט צוזאַמען.

## די אָפּאָזיציע.

קיינער וויל ניט זיין הונגעריג. קיינעם ווילט זיך ניט זיין קאַלט. יעדער איינציגער אין מאָסקווע און אין פּעטראָגראַד איז הונגעריג, יעדען איינעם איז קאַלט. פאָלגליך איז דאָ אַן אַלגעמיינע און ביטערע אומצופרידענהייט. די דאָזיגע אומ־צופרידענהייט ווערט, פאַרשטעהט זיך, פאַרגרעסערט, ניט פאַר־קלענערט, דורך דער דיסציפּלין, וואָס איז איינגעפיהרט געוואָ־רען אין די פאַבריקען און דעם שווערען יאָך פון דער ארמיי, כאָטש דאָס ערשטע איז צוליעב דעם, אז דער הונגער זאָל וואָס שנעלער געענדיגט ווערען, און דאָס לעצטע איז נויטיג פאַר דער פאַרטיידיגונג פון דער רעוואָלוציע.

די קאָמוניסטען, אלס די רעגירענדע פּארטיי, ווערען, נאַ־טירליך, באשולדיגט און אויף זיי איז די אומצופרידענקייט גע־ווענדט, כאָטש זאָל נאָר אַן אנדער פּארטיי פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער סאָוועט־רעגירונג, וועט די זעלביגע אומצופרי־דענהייט אין אַ קורצער צייט זיך אויסלאָזען אויך אויף זייערע קעפּ. די נייע רעגירונג וואָלט געמוזט איינפיהרען אַ שטריינ־גערע דיסציפּלין, איידער אַ שוואַכערע, דער טראַנספּאָרט און די אנדערע שוועריגקייטען פונ׳ם לאַנד וועלען בלייבען די־זעלבע, סיידען זיי וועלען נאָך פאַרגרעסערט ווערען דורך דער אומאָרדנונג פון אַ נייעם אויפשטאַנד אין דעם אַקטיווען אָדער פּאַסיווען ווידערשטאַנד פון גאָר אַ סך מענשען, וועלכע זיינען

איבערצייגטע רעוואָלוציאָנערען, אָדער וועלען ווערען אזעלכע א דאנק די אונטערדריקונגען.

די קאָמוניסטען גלויבען, אז ארויסצולאָזען די מאכט פון זייערע הענט אינ׳ם איצטיגען מאָמענט, וואָלט געמיינט פאַר־ראטען די רעוואָלוציע. און שטעהענדיג פּנים אל פּנים מיט די נעהענטער־צוקומענדע מחנות פון די אליאירטע מלוכות און קאָלטשאק׳ן, זיינען א סך פיהרער פון דער אָפּאָזיציע גענויגט איינצושטימען מיט די באָלשעוויקעס, און זיך צייטווייליג אונ־טערוואַרפען אונטער וואס זיי באטראכטען צווייפעללאָז אלס איינפאכע טיראַניי. די לאגע אין רוסלאַנד נאָך די לעצטע אכ־צעהן מאָנאטען איז כמעט עהנליך צו דער לאגע, וועלכע די פּארלאמענט־פּארטיי האָט דערגרייכט אין ענגלאנד אינ׳ם יאָהר 1643.

נייע הערשער רוקען זיך אָן אויף מאָסקווע פון סיביר. אָבער איך גלויב ניט, אז זיי פּרעטענדירען צו ברייגגען מיט זיך נייע פּרינציפּען. די מאסען קאָנען זיך אפשר וועלען נייע פּרינ־ציפּען, און וואָלטען זיך אויך אפילו אונטערוואָרפען אויף א ווייל, אונטער׳ן יאָך פון די נאָר אלטע פּרינציפּען, אין א פאַר־צווייפעלטער האָפנונג, אז פיליייכט וועלען זיי דורך דעם ליי־דען ווייניגער הונגער און ווייניגער קעלט. אָבער בלויז א משוגע׳נער קאָן גלויבען, אז זיי וועלען קענען דולדען די אלטע פּרינציפּען פאר א לאנגער צייט.

די ניט־קאָמוניסטען ווילען ניט אויסנוצען אויפ׳ן פולסטען אופן די אומצופרידענהייט, וועלכע עקזיסטירט איצט, ווייל זיי שטעהט פאָר די געפאהר, אז זיי וועלען גיכער קריגען צוריק די גאָר אלטע „פּרינציפּען“, איידער נייע. הונגער און קעלט זיי־נען זעהר א גוטער גרונד פאר אגיטאציע פאר יעדען איינעם, וועלכער וויל איבערקעהרען די איצטיגע עקזיסטירענדע אָרד־נונג. נאָר בלויז די לינקע סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וועלכע ווערען אָנגעפיהרט פון דער היסטערישער, אָבער פלא־מעדיג־עהרליכער מאריא ספּירידאָנאָווא, פיהלען ניט קיין ספקות, אָדער געוויסענסביסען אין דער דאָ־זיגער הינזיכט. די אנדערע מעהר פאראנטוואָרטליכע פאַר־

טייען האָבען מורא, אז א גוואלדיגע איבערקעהרעניש ביי איצ־טיגער צייט וואָלט געפיהרט צו אנארכיע און, פאָלגליך, צו דער אָפּשוואכונג פון דער רעוואָלוציע.

## די לינקע סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען.

דאָס, וואָס די לינקע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען ווי־לען, איז אזוי עהנליך צו אנארכיע, אז זיי האָבען זיך ניט וואָס צו שרעקען פאר דעם צוזאמענברוך פון דעם איצטיגען סיסטעם. זיי זיינען פאר א פּארטיזאַן־ארמיי, ניט פאר א רעגולערע ארמיי. זיי זיינער קעגען דעם, אז די אָפיצירען, וועלכע האָ־בען געדיענט אונטער דעם אַלטען רעזשים, זאָלען אָנגעשטעלט ווערען אין דער רויטער ארמיי. זיי זיינען קעגען דער אָנשטע־לונג פון פאראנטוואָרטליכע טעכניקער און קאָמערציעלע עקס־פּערטען אין די פאבריקען. זיי גלויבען אז אי די אָפיצירען, אי די עקספּערטען, זייענדיג געוועזענע בורזשוען, מוזען דעריבער גופא זיין פאָלקס־פיינד, און גרייטען צו אויף א געהיימען אופן א קאָנטר־רעוואָלוציע.

זיי זיינען קעגען אַן אָפּמאַך מיט די אַליאירטע, פּונקט ווי זיי זיינען געווען קעגען אַן אָפּמאַך מיט די דייטשען. איך האָב געהערט ווי זיי רופען אָן די באָלשעוויקעם „די בורזשואזע זשאנ־דארמען פון די אנטאנט־מלוכות" אויפ'ן סמך, אז, האָבענדיג פאַרגעשלאָגען קאנצעסיעס, וועלען זיי אויפהאַלטען די אָרדנונג אין רוסלאַנד, כדי דער אַליאירטער קאפּיטאַל זאָל קענען מאַ־כען זיינע פּראָפיטען.

זיי האָבען געוואָרפען א באָמבע אויף מירבאַכ'ן, און וואָלטען אָהן שום ספק געטאָן דאָסזעלבע מיט יעדען איי־נעם פון זיינע נאָכפאָלגער. זייענדיג קעגען א רעגולערער אר־מיי (א געמיינער בורזשואזער וואפען), וואָלטען זיי גערן גע־וואָלט, אז רוסלאַנד זאָל אָקופּירט ווערען, כדי זיי זאָלען קענען ארומלויפען מיט באָמבעס אין די הענט און רעוואָלטירען קע־גען דער אָקופּאציע.

מיר איז ניט געלונגען צו זעהן ספּירידאָנאָוואַ'ן

ווייל דעם 11טען פעברואר, דעם טאָג ווען איך האָב זיך געזאָלט מיט איהר טרעפען, האָבען זי די באָלשעוויקעס ארעסטירט. אלס א גרונט פאר דעם איז אָנגעגעבען געוואָרען איהר אנאר־כיסטישע און געפעהרליכע פּראָפּאגאנדא, וועלכע איבט אויס אומצופרידענהייט, און האָט ניט קיין מיטלען ווי זי צופרידענ־צושטעלען.

רעספעקטירענדיג שטארק איהר עהרליכקייט, האָבען די קאָמוניסטען ניט געקענט באשליסען וואָס צו טאָן מיט איהר. זי איז ענדליך פאר'משפּט געוואָרען צו א יאָהר'ס וואוינונג, אין א הויז פאר ניוראסטעניקער, „וואו זי וועט קענען לייענען און שרייבען און זיך צוריק אומקעהרען צו א נאָרמאלען צו־שטאנד".

אז די קאָמוניסטען זיינען געווען גערעכט אין זייער מורא פאר דער דאָזיגער אגיטאציע איז באוויזען געוואָרען דורך די פעטראָגראדער אומרוהען, ווען די ארבייטער אויף איניגע פא־בריקען זיינען ארויס אין א סטרייק און האָבען אָנגענומען רע־זאָלוציעס אינ'ם גייסט פון די לינקע סאָציאליסטען־רעוואָלו־ציאָנערען. די דאָזיגע רעזאָלוציעס, וועלכע הויבען ניט אָן צו באווייזען אז זיי ווילען רעאקציע און גענעראל י ו ד ע ־ נ י ט ש ' ע ן, ציייגען אָבער יאָ, אז זיי זיינען אומצופרידען און זיינען גרייט זיך א רוק צו טאָן לינקס.

## די מענשעוויקעס.

די צווייטע הויפּט־גרופּע פון דער אָפּאָזיציע ווערט אָנגע־פיהרט פון די מענשעוויקעס. זייערע הויפּט־אָנפיהרער זיינען מ א ר ט א ָ ו ו און ד א ן. מארטאָוו איז ווייט דער קליגע־רער פון די דאָזיגע צוויי. דאן האָט זיך ליעב ארומצורייסען, און פיהרט אָפּטמאָל אָן אן אגיטאציע, וועלכע געפעהלט ניט אפילו זיינע אייגענע פריינד.ביידע זיינען מענשען מיט א באדייטענדען מוט. ביידע זיינען אידען.

די מענשעוויקעס וואָלטען געוואָלט, אז די קאפּיטאליסטען זאָלען צוריק אריינגעבראכט ווערען, ווייל זיי זיינען שוין איצ־

טער דורכגעלייטערט דורך די ערפאַהרונגען פון דער לעצטער צייט און וועלען, אויסער דעם, זיך געפינען אונטער דער מענשעוויסטישער קאָנטראָל. זייענדיג דער היפוך פון ספירידאָנאָווא׳ן און איהרע ראָמאַנטישע נאָכפאָלגער, האָבען זיי געגעבען זייער הסכמה אויף טשיטשערינ׳ס שלום־פאָרשלאַג און קאָנצעסיעס־אָנבאָט צו די אַליאירטע. זיי האָבען אפילו אַרויסגעלאָזען אַן אפּיעל צו די אַליאירטע, אַז זיי זאָלען זעהן זיך פאַרשטענדיגען מיט „לענינ׳ס רעגירונג".

ווי עס איז צו זעהן פון דעם נאָמען, מיט וועלכען עס געגעפּעהלט זיי צו באַטיטלען די סאָוועטען־רעגירונג, זיינען זיי גאַנץ פיינדליך געשטימט צו איהר. זיי האָבען אָבער מורא פאַר ערגערע אומשטענדען, און זיי שרעקען זיך דעריבער אויסצונוצען פאַר זייערע אייגענע צוועקען די פאָלקס־אומצופרידענהייט צוליעב דער קעלט און הונגער. זיי האָבען מורא אַז אַזא מין סאָרט אגיטאַציע קאָן נאָך פיהרען צו אַן אַנאַרכיע, וועלכע וואָלט געמאַכט די רעוואָלוציע הילפלאָז קעגען ק אָ ל ט ש א ק, ד ע נ י ק י ן, י ו ד ע נ ט ש אָדער אירגענד אַנדער באַוואָפענטען רעאַקציאָנער. זייערע ניט־קאָמוניסטישע פיינד דריקען זיך אַזוי אויס וועגען די מענשעוויקעס:

— זיי פאַרמאָגען ניט קיין קאָנסטרוקטיווע פּראָגראַם. זיי וואָלטען געוואָלט, אַז אַ בורזשואַזע רעגירונג זאָל זיך צוריק אומקערען, כדי זיי זאָלען קענען זיין אין אָפּאָזיציע צו איהר, לינקס.

דעם צווייטען מערץ בין איך געגאַנגען באַזוכען אַ וואַהלמיטינג פון ארבייטער און בעאַמטע פון די מאָסקווער קאָאָפּעראַטיוועו. עס איז געווען שוידערליך קאַלט אין דעם אוניווערסיטעטס־זאַל, וואו דער מיטינג איז פאָרגעקומען. איך האָב אָפּגעפרוירען מיין נאָז און מיינע פיס. עס האָבען גערעדט רעדען קאָמוניסטען, אינטערנאַציאָנאַליסטען, מענשעוויקעס און רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. אָבער די לעצטע זיינען ניט געקומען.

דער פּרעזידיום איז באַשטאַנען מעהרסטענטיילס פון אַ

ניט־קאָמוניסטישען עלעמענט, און די פארזאַמלונג גופא איז געווען צוטיילט האלב פאר און האלב קעגען די באָלשעוויקעס.

דער ערשטער האָט גערעדט אַ קאָמוניסט. ער האָט גע־האלטען זעהר אַ שלעכטע רעדע וועגען דער אַלגעמיינער איי־ראָפּעאישער לאַגע, און האָט דערוויזען אַז פאר רוסלאנד איז ניטאָ קיין אנדער אויסוועג אויסער דעם וועג, אויף וועלכען זי טרעט איצט. ל אָ ז אָ וו ס ק י, דער אַלטער אינטערנאַ־ציאָנאַליסט, האָט גערעדט נאָך איהם. ער שטיצט אונטער די אַלגעמיינע פּאָליטיק פון די באָלשעוויקעס, אָבער ער קריטי־קירט זיי פאר דער אונטערדריקונג פון דער פּרעסע.

דערנאָך האָט גערעדט ד א ן, דער מענשעוויק, צוליעב וועמעס רעדע איך בין געקומען אהער. ער איז אַ נידעריגער, פּולבלוטיגער מענש, וועלכער ווערט זעהר אויפגערעגט ווען ער רעדט. ער האָט אָנגעפיהרט אַן אַטאַקע אויף דעם גאַנצען באָל־שעוויסטישען פראָנט, צוגעבענדיג אָבער אין דער זעלבער צייט, אַז אַזוי לאַנג ווי זיי ווערען אַטאַקירט פון דרויסען, איז ער גרייט צו אונטערשטיצען זיי.

דער תוך פון זיין רעדע איז געווען דאָס פאָלגענדע:

1) ער איז פאר אָנהאַלטען דעם קריעג מיט קאָלטשאַק'ן.

2) אָבער די באָלשעוויסטישע פּאָליסי בנוגע דאָס פּויער־טום וועט זיך סוף כל סוף אויסלאָזען — ווייל מיט'ן וואוקס פון דער אַרמיי מוז דאָך אין איהר פארגרעסערט ווערען די צאָהל פּויערים — און דער באַשאַפונג פון אַן אַרמיי מיט קאָנטר־רע־וואָלוציאָנערע סימפּאַטיעס.

3) ער טרעט ארויס קעגען דער באָלשעוויסטישער קריטיק פון דער בערנער דעלעגאַציע צוליעב זעהר מאָדנע אורזאַכען. ער זאָגט, אַז כאָטש ט ה אָ מ א ס, ה ע נ ד ע ר ס אָ ן און די איבעריגע, האָבען אונטערשטיצט זייערע אייגענע אימפּע־ריאַליסטישע רעגירונגען בשעת דער מלחמה, איז דאָס שוין איצטער אָבער אַלץ אריבער. אַ פאַראייניגונג מיט זיי וואָלט דעריבער געהאָלפען, ניט געשטערט, אַ רעוואָלוציע אין ענג־לאַנד און אין פראַנקרייך.

4) ער האָט אָנגעוויזען אַז „די גאַנצע מאַכט צו די סאָ־

וועטען" מיינט איצטער: „די גאַנצע מאַכט צו די באָלשעוויקעס". ער וואָלט טאַקע געוואָלט, האָט ער ווייטער געזאָגט, אַז די סאָוועטען זאָלען האָבען די אמת'ע מאַכט, אָנשטאָט דעם וואָס זיי זאָלען בלויז אונטערשטיצען די באָלשעוויסטישע ביוראָקראַטיע.

מען האָט ד א נ'ע ן געפרעגט, וואָס איז זיין אייגענע פּראָגראַם?

ער האָט געענטפערט, אַז ער האָט ניט קיין צייט, כדי זי פאַנאַנדערצואוויקלען...

איך האָב פאָרזיכטיג בעאָבאַכטעט די אָפּלאָדיסמענטען. עס איז געווען צו זעהן אַן אַלגעמיינע אומצופרידענהייט מיט דער דאָזיגער לאַגע. אין דער זעלבער צייט איז אָבער אויך געווען צו זעהן, אַז קיין אַנדער פּאַרטיי וואָלט ניט געוואונען דעם צוטרוי פון די מאַסען, אויב זי וואָלט אָנגעגעבען אַלס איהר ציעל די פאַרניכטונג פון די סאָוועטען (וואָס דאָס איז דאָך זיכער ד א נ'ס ענד־ציעל, אָדער, אַמווייניגסטענס, זייער פּאַרוואַנדלונג אין ניט־פּאָליטישע אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציעס) און אויב זי וואָלט ניט געווען גרייט צו קעמפען קעגען די אויסערליכע רעאַקציאָנערע כחות.

---

איך בין אַוועק זיך זעהן מיט ס ו כ א נ אָ ו ו'ן (גאָרקי'ס און מ אַ ר ט אָ ו ו'ס א פריינד, כאָטש זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען שטימען ניט איין דורכאויס מיט זייערע), מיט'ן צוועק צו קריגען די קאָרעקטורען פון זיין ערשטען באַנד „זכרונות פון דער רעוואָלוציע", און אויך כדי צו הערען, וואָס ער האָט צו זאָגען.

איך האָב איהם געפונען אין זיין אומבאַהייצטער וואוינונג, איינגעוויקעלט אין עפּעס א פּאַלטאָ אָדער א כאַלאַט, טרינקענדיג טיי אָהן צוקער, מיט א שטיקעל ברויט, א ביסעל סאָכיסקעס און אַן ערשטוינענדיג שטיקעל פּוטער, וועלכען א פריינד האָט מסתמא געבראַכט פונ'ם דאָרף.

נ י ק י ט ס ק י, א מענשעוויק, איז דאָרטען אויך גע־

ווען. דער לעצטער איז אַ האָפנונגסלאָזע פיגור, וועלכער פּראָ־פעצייהעט דעם פאַנאַנדערפאַל פון דעם גאַנצען סיסטעם און פון דער רעוואָלוציע. ס ו כ א נ אָ ו ו האָט מיך געפרעגט, אויב איך האָב באמערקט דאָס פארשווינדען פון אַלע לעפעל (אין דעם מעטראָפּאָל זיינען איצט דאָ בלויז הילצערנע לעפעל), און אויב איך באטראַכט עס ניט אַלס אַ סימבאָל פון דעם פאַ־נאַנדערפאַלען פון דער רעוואָלוציע.

איך האָב איהם גענטפערט, אַז כאָטש איך האָב ניט גע־האָט געוואוינט אין רוסלאַנד העכער דרייסיג יאָהר, ווי ער, האָב איך דאָך געוואוינט דאָרט פאַר אַ גאַנץ היבשע צייט, און האָב נאָך געהאַט, פאַר דער רעוואָלוציע, גענוג ערפאַהרונ־גען מיט מיינע פישעריי־אַפּאַראַטען, וועלכע פלעגען אָפט ניט סטאַיען. און דעריבער איז עס פאַר מיר ניט קיין איבעראַשונג, אַז רוסישע פויערים, אַפילו דעלעגאַטען, זאָלען אין אַזאַ קאָנ־וואולסיווער צייט, ווי די רעוואָלוציע איז, צו'גנב'ענען לעפעל, זאָל זיין כאָטש אַלס אַנדענקען, אַז זיי זיינען ווירקליך געווען אין מאָסקווע.

מיר האָבען גערעדט, פאַרשטעהט זיך, וועגען זייער שטע־לונג צו די באָלשעוויקעס. זיי ארבייטעןביידע אין סאָוועט־אינסטיטוציעס. סוכאַנאָוו (ניקיטסקי האָט אויך איינגע־שטימט) גלויבט, אַז אויב די באָלשעוויקעס וועלען זיך נאָר ווע־לען פאַרשטענדיגען מיט די אַנדערע פּאַרטייען, ווי די מענשע־וויקעס, א. א. וו., „וועלען דאַן ק אָ ל ט ש אַ ק און ד ע נ י־ק י ן מוזען באַגעהן זעלבסטמאָרד, און אייער ל אָ י ד ד ז ש אָ ר ד ז ש וועט מוזען אויפגעבען זיינע פּלענער וועגען אינטערווענציע."

איך האָב ביי איהם געפרעגט:

— ווי איז, אַז מען וואָלט אייך געהייסען אָפּצוהאַלטען אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, און אַז ניט — וועט די בלאָקאַדע ווי־דער אָנגעפיהרט ווערען?

ס ו כ א נ אָ ו ו האָט געענטפערט:

— אַזאַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג וואָלט געווען אונמעגליך, און מיר וואָלטען געוועזן דאַגעגען דעם.

וועגען די סאָוועטען האָבען זיי זיך אַזוי אויסגעדריקט:

— א י צ ט ע ר שטעהען מיר אבסאָלוט אויף דער פּלאַטפאָרם פון דער סאָוועטען רעגירונג. אָבער מיר דיינקען, אַז די סאָוועטען־רעגירונג קאָן ניט לאַנג דויערען. מיר באַטראַכטען די סאָוועטען אַלס אויסגעצייכענטע אינסטרומענטען אינ'ם קלאַסען־קאַמף, אָבער ניט אַלס אַן אויסגעצייכענטע רעגירונגס־פאָרם.

איך האָב געפרעגט סוכאַנאָוו'ן, אויב ער גלויבט אין דער מעגליכקייט פון אַ קאָנטר־רעוואָלוציע.

ער האָט געענטפערט, אַז ניין. ער האָט אָבער צוגעגעבען, אַז עס איז דאָ אַ געפאַהר, אַז די אַגיטאַציע פון די מענשעוויקעס און אַנדערע אַנטי־באָלשעוויקעס וועט נאָך אויפפלאַקערען די אומצופרידענהייט פון די מאַסען מיט די איצטיגע פיזישע צושטענדען, און וועט זיך פאַרענדיגען אין פּאָגראָמען, וועלכע וועלען פאַרניכטען אי די באָלשעוויקעס, איז די מענשעוויקעס.

זייער אַלגעמיינע טעאָריע איז, אַז רוסלאַנד איז נאָך ניט ענטוויקעלט אויף אַזוי פיעל, אַז דאָרט זאָל מעגליך זיין איצט די גרינדונג פון אַ סאָציאַליסטישען שטאַאַט. זיי ווילען דעריבער אַזאַ שטאַאַט, וואו פּריוואַט־קאַפּיטאַל עקזיסטירט, און וואו די פאַבריקען ווערען אָנגעפיהרט דורך אינדיווידועלע אייגענטימער, ניט דורכ'ן שטאַאַט. זיי גלויבען, אַז די פּויערים, וועלכע האָבען דעם אינסטינקט פון קליינע אייגענטום־באַזיצער, וועלען סוף כל סוף איינפיהרען עטוואָס ענגליכעס, און דער סוף וועט זיין, אַז אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק וועט זיין די שטאַאַטס־פאָרם אין רוסלאַנד.

זיי זיינען ביידע קעגען דער אָנבאַטונג פון קאָנצעסיעס צו די אַליאירטע, ווייל די דאָזיגע געפּלאַנטע קאָנצעסיעס וואָלטען איבערגעגעבען אין די הענט פון די קאָנצעסיאָנערען די גאַנצע מאַכט אין צפון־רוסלאַנד — אייזענבאַהנען, וועלדער, דאָס רעכט צו גרינדען זייערע אייגענע בענק אין די שטעדט, וועלכע ווערען באַדיענט דורך די אייזענבאַהנען, און אַלץ, וואָס געהט אין דעם אריין. ס ו כ א נ אָ ו ו איז פּרינציפּיעל קעגען

קאָנצעסיעס, און האָט זעהר באַדויערט, וואָס די מענשעוויקעס זיינען פאַר דעם.

---

איך האָב געזעהן מ אַ ר ט אָ ו ו ׳ ן אין דעם אָפּיס פון זיין צייטונג, וועלכע איז אָקאָרשט אונטערדריקט געוואָרען מחמת א געוויסען ארטיקעל, וועלכער טרעט ארויס קעגען דעם אויפהאַלטען פון דער רויטער ארמיי.

מ אַ ר ט אָ ו ו גיט צו, אז דער ארטיקעל איז געווען א ביסעל אומפּאָרזיכטיג. ער האָט מיר באַוויזען די חתימות אויף איינינגע טירען. ער האָט מיר אָבער געזאָגט, אז ער האָט שוין אָנגעהויבען ארויסצוגעבען א נייע צייטונג. ער האָט מיר באַוויזען דעם ערשטען נומער. ער האָט מיר דערצעהלט, אז די נאָכפראַגע אויף דער נייער צייטונג איז אזוי גרויס, אז כאָטש זי האָט צוערשט געזאָלט זיין בלויז א וואָכענבלאַט, געהט ער זי איצט פאַרוואַנדלען אין א טעגליכע צייטונג.

מ אַ ר ט אָ ו ו האָט מיר געזאָגט, אז ער און זיין פּאַרטיי זיינען קעגען אינטערווענציע מחמת די פאָלגענדע גרונדען:

1) דאָס פאַרטזעצען פון׳ם קריעג, דאָס נויטיגען זיך אין אַן ארמיי און אין אקטיווער פאַרטיידיגונג מוזען ארויסברייננגען די וויניגער געווינשטע אייגענשאַפטען פון דער רעוואָלוציע, אין דער צייט וואָס א שלום-אָפּמאַך, דורך דער פאַרמינדערונג פון דער שאַרפקייט, וואָלט געפיהרט צו א געמעסיגקייט אין דער באָלשעוויסטישער פּאָליטיק.

2) די נויטען פון דער ארמיי מאַכען צו־נישט אַלע פאַרזוכען אויף צוריקאויפבויען דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון׳ם לאַנד. ער איז, אויסערדעם, איבערצייגט, אז יעדע סאָרט אינטערווענציע ערמוטיגט די רעאקציע, ווען אפילו מיר זאָלען אָננעמען, אז דאָס איז קעגען דעם ווילען פון די אַליאירטע.

— זיי קענען זיך ניט העלפען, — האָט ער געזאָגט — די כחות, וועלכע אונטערשטיצען די אינטערווענציע, מוזען זיין די רעאקציאָנערע כחות, ווייל אַלע ניט־רעאקציאָנערע פּאַרטייען זיינען גרייט אויפצוגעבען זייערע חשבונות מיט די באָלשעוויקעס, כדי צו פאַרטיידיגען די רעוואָלוציע, אַלס א גאַנצע.

עס איז זיין איבערצייגונג, אַז די באָלשעוויקעס וועלען זיך מוזען אָדער איבעראַנדערשען, אָדער זיך אָפּשאָקלען פון מאכט. ער האָט מיר פאָרגעלייענט אַ בריעף פון אַ פויער, וועלכער באַווייזט, ווי אומגערן די פויערים ווילען זיך אָרגאַניזירען אין קאָמונעס. (די צענטראַלע רעגירונג האָט שוין אויפגעגעבען דעם צוואַנג אין דער דאָזיגער הינזיכט).

דער פויער שרייבט אומגעפעהר אַזוי:

— מיר האָבען גענומען דאָס לאַנד, ניט קיין סך, פונקט אַזוי פיעל, וויפיעל מיר האָבען געקענט בעאַרבייטען; מיר האָבען עס צואַקערט, וואו פריהער איז קיין אַקער קיינמאָל ניט דורכגעגאַנגען, און איצט, אויב עס וועט אַריינגענומען ווערען אין אַ קאַמונע, וועט קומען אַ פוילענצער, וועלכער האָט פריהער גאָרניט געטאָן, און פראָפּיטירען דורך אונזער אַרבייט.

מ אַ ר ט אָ װ טענה'ט, אַז דאָס לעבען גופא, די נויטען פונ'ם לאַנד און דער ווילען פון די פויערים־מאַסען וועלען פיהרען צו יענע ענדערונגען אין דעם סאָוועטען־רעזשים, וועלכע, ווי ער דיינקט, זיינען ווינשענסווערט.

## די רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען

די פאָזיציע פון די רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען איז אַ סך מעהר קאָמפּליצירט, ווי די פאָזיציע פון די מענשעוויקעס. אין זייערע לעצטע דעקלאַראַציעס זיינען זיי אַזוי ווייט פון זייער ראָמאַנטיש־אַנאַרכיסטישען לינקען פליגעל, ווי ווייט זיי זיינען פון זייער ראָמאַנטיש־רעאַקציאָנערען עקסטרעם־רעכטען.

זיי זיינען איצט ווי זיינען אימער געווען, פאַר אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, אָבער זיי האָבען אויפגעגעבען זייער פּלאַן אַריינצוברייגגען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג דורך גוואַלד־מיטלען. זיי זיינען געקומען אין נאָהענטע באַציהונגען מיט די אַליאירטע, ווי אירגענד אַנדערע פאַרטיי לינקער פון די קאַדעטען. זיך פאַרבינדענדיג מיט די טשעכען אויף דער וואָלגאַ און נעמענדיג אַנטייל אין קלענערע רעאַקציאָנערע אויפשטאַנדען אין טיף־

רוסלאנד, האָבען זיי זיך גאנץ מיאוס קאָמפּראָמעטירט. זייער געענדערטע שטעלונג איז ניט קיין רעזולטאט פון אן ענדערונג אין זייער פּראָגראַם, נאָר נעמט זיך פון דעם, וואָס עס איז פאר זיי קלאָר געוואָרען, אז די כחות וועלכע, ווי זיי האָבען זיך פאָר־געשטעלט, האָבען זיי אונטערשטיצט, זיינען אין דער ווירקליכ־קייט גאָר געברויכט געוואָרען פאר דער אונטערשטיצונג פון עפּעס, וואָס איז העט־העט רעכטס.

די „טיפּאָגראַפישע גאזעטע“, א ניט־באָלשעוויסטישער אָר־גאַן, האָט אָפּגעדרוקט זייערס א רעזאָלוציע. איין פּונקט פון דער רעזאָלוציע פאָדערט די נידערשטירצונג פון אלע רעאקציאָנע־רע רעגירונגען, וועלכע ווערען אונטערשטיצט פון די אַליאירטע, אָדער די דייטשען; דער אנדערער פּונקט פארדאַמט יעדען פארזוך אויף ארונטערצוואַרפען די סאָוועטען־רעגירונג דורך א באוואפענטען אויפשטאנד, אויפ'ן סמך, אז אזא פארזוך וואָלט אָפּגעשוואכט דעם ארבייטער־קלאַס אלס א גאנצען, און וואָלט אויסגענוצט געוואָרען דורך די רעאקציאָנעלע גרופּען פאר זייערע אייגענע צוועקען.

וואָלסקי איז א רעכטער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער. ער איז געווען דער פּרעזידענט פון יענער קאָנפערענץ פון מיט־גלידער פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג, פון וועמעס הענט דער דירעקטאָראט, וועלכער האָט רעגירט אין סיביר, האָט געקראָגען זיין אויטאָריטעט, און אדמיראל קאָלטשאַק — זיין קאָ־מאנדע. אדמיראל קאָלטשאַק'ס אמת'ער טיטעל איז: דער קאָמאנדיר פון דעם חיל פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג.

די מיטגלידער פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג האָבען גע־דאַרפט אָפּהאַלטען א מיטינג דעם ערשטען יאַנואַר 1919, כדי צוריקצונעמען די אויטאָריטעט פון דעם דירעקטאָראט און אָרגאַ־ניזירען א רעגירונג אויף אן אל־רוסישען באזיס. אָבער צווישען דעם דירעקטאָראט און דער קאָנפערענץ פון מיטגלידער פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג זיינען כסדר פאָרגעקומען רייבונגען, ווייל דער דירעקטאָראט איז געווען רעאקציאָנערער פאר זיי.

אין נאָוועמבער איז פאָרגעקומען קאָלטשאַק'ס מרידה, נאָך וועלכער די מיטגלידער פון דער גרינדונגס־פאר־

זאַמלונג האָבען אַרויסגעלאָזען אַ דעקלאַראַציע קעגען איהם און אַן אויפרוף פאַר זיין אונטערשטיצונג. איינִיגע פון זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרען דורך אַ גרופע אָפיצירען. מען זאָגט, אַז עטליכע זיינען דער׳הרג׳ט געוואָרען. ק אָ ל ט ש אַ ק, גלויב איך, האָט אַרונטערגענומען פון זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם, און האָט אפנים אויך ניט געוואוסט וועגען די פּלע־נער פון די רעאַקציאָנערען, וועלכע האָבען זיך געפונען אונטער זיין קאָמאַנדע.

אַנדערע מיטגלידער פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג זיינען אַנטלאָפען קיין אופא. דעם פינפטען דעצעמבער, 25 טעג איידער די באָלשעוויקעס האָבען איינגענומען אופא, האָבען די דאָזיגע מיטגלידער פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג באַקאַנט געמאַכט, אַז זיי האָבען מעהר ניט בדעה אָנצופיהרען אַ קריעג קעגען דער סאָוועטען־רעגירונג.

נאָכדעם ווי די שטאָדט איז איינגענומען געוואָרען דורך די באָלשוויקעס, האָבען זיך אָנגעהויבען אונטערהאַנדלונגען צווישען די פאָרשטעהער פון דער קאָנפערענץ פון די מיטגלידער פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, און די פאָרשטעהער פון דער סאָוועטען־רעגירונג, כדי צו געפינען אַ גרונד פאַר אַן אָפּמאַך. דער רעזולטאַט פון דיזע אונטערהאַנדלונגען איז גע־ווען די רעזאָלוציע וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען אויפ׳ן מי־טינג פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, דעם 26טען פעברואַר, וואָס כ׳האָב פריהער געשריבען.

אַ דעלעגאַציע פון די מיטגלידער איז געקומען קיין מ אָ ס־ק ו ו ע. מען האָט זיי זעהר שעהן איינגעקוואַרטירט אין אַ גרויסען חדר אין דעם מ ע ט ר אָ פּ אָ ל, וואו זיי האָבען געוועקגעשטעלט בעטלאַך אַרום און אַרום די ווענט, און גרויסע טישען אין מיטען חדר פאַר זייערע מיטינגען. אין דעם דאָזי־גען חדר האָב איך געזעהן ו ו אָ ל ס ק י׳ן דעם ערשטען מאָל, שפּעטער האָב איך איהם געזעהן אין מיין צימער.

איך האָב איהם געפרעגט, וואָס אייגענטליך איז עס געווען, וואָס האָט איהם און זיינע נאָכפאָלגער אַריבערגעבראַכט פון

דעם צד פון די אַליאירטע און ק אָ ל ט ש א ק'ן צו דעם צד פון דער סאָוועטען־רעגירונג.

ער האָט מיר אַ קוק געגעבען גלייך אין פּנים אריין, און האָט געענטפערט:

— איך וועל אייך דערצעהלען. אַ סך פאַקטען האָבען אונז איבערצייגט, אַז די פּאָליטיק פון די אַליאירטע־פאָרשטעהער איז סיביר איז געווען געריכטעט ניט פאַר דער פארשטאַרקונג פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג קעגען די באָלשעוויקעס און די דייטשען. נאָר פּשוט פאַר דער פארשטאַרקונג פון די רעאַקציאָנערע כחות הינטער אונזערע רוקענס.

ער האָט זיך אויך באַקלאָגט:

— דעם גאַנצען לעצטען זומער האָבען מיר, צוזאַמען מיט די טשעכען, אָנגעהאַלטען דעם קריעגס־פראָנט, ווייל מען האָט אונז געזאָגט, אַז צוויי דייטשע דיוויזיעס דערנעהנטערען זיך צו אַטאַקירען אונז. איצט דערווייסען מיר זיך, אַז אין רוסלאַנד איז גאָר ניט געווען קיין דייטשער חיל.

ער האָט קריטיקירט די באָלשעוויקעס, פאַרוואָס זיי זיינען בעסערע פּראָגראַמען־מאַכער, איידער אָרגאַניזירער. זיי האָבען אָנגעבאָטען פרייע עלעקטריציטעט, און אינגיכען האָבען זיי געמוזט צוגעבען, אַז באַלד וועט שוין גאָר ניט זיין קיין עלעקטריציטעט צוליעב מאַנגעל אין הייץ־מאַטעריאַל. זיי האָבען ניט באַזירט זייער פּאָליטיק אויף אַ שטודיום פון ווירקליכע מעגליכקייטען. „אָבער פאַר אונז איז קלאָר, אַז זיי קעמפּפען אין דער אמת'ן קעגען אַ בורזשואַזנער דיקטאַטור. מיר זיינען דעריבער גרייט צו העלפען זיי אויף יעדען מעגליכען אופן“.

ער האָט ווייטער געזאָגט:

— יעדע סאָרט אינטערווענציע וועט בלויז פארלייַנגערען דעם באָלשעוויסטישען רעזשים, ווייל זי וועט אונז נויטען, אַז מיר זאָלען אויפגעבען יעדען ווידערשטאַנד קעגען דער סאָוועטען־רעגירונג, — כאָטש מיר טוען עס ניט גערן, — און זאָלען זי אונטערשטיצען, ווייל זי פאַרטיידיגט די רעוואָלוציע.

וואָס אַנבעלאַנגט דער הילף, וואָס די אַליאירטע מלוכות גיבען איינצעלנע גרופּען אָדער רעגירונגען, וועלכע קעמפּפען קע־

גען סאָוועטען־רוסלאַנד, האָט ו ו אָ ל ס ק י דערקלעהרט, אַז ער זעהט ניט קיין שום אונטערשייד צווישען אַזאַ סאָרט אינ־טערווענציע און אַן אינטערווענציע, וועלכע נעמט אָן די פאָרם פון שיקען חיל.

איך האָב איהם געפרעגט, וואָס דיינקט ער וועגען דער צו־קונפט. ער האָט מיר געענטפערט און כמעט דיזעלביגע ווער־טער, וואָס מ א ר ט אָ ו, אַז דאָס לעבען גופא וועט צווינגען די באָלשעוויקעס צו ענדערען זייערע מעטאָדען, אָדער פאַרלאָ־זען דעם רעגרונגס־שטוהל. די פויערים וועלען זיך פריהער אָדער שפּעטער לאָזען פיהלען, און זיי זיינען געשטימט קעגען דער בורזשואזיע, ווי קעגען די באָלשעוויקעס. קיין בורזשואזנע רע־אַקציע וועט ניט קענען לאַנג אויסהאַלטען קעגען די סאָוועטען, ווייל זי וועט גאָרניט האָבען וואָס אָנצובאָטען, קיין אידעע, פאַר וועלכער מענשען זאָלען וועלען קעמפען. אויב ק אָ ל ט־ש אַ ק, ד ע נ י ק י ן און קאָמפּאַניע זאָלען דורך וועלכען ס'איז ניט איז צופאַל געווינען, וואָלטען זיי געדאַרפט אויס־שלאַכטען צעהנדליגע טויזענדער דאָרטען, וואו די באָלשעוויקעס האָבען בלויז געדאַרפט אויסשלאַכטען הונדערטער, און דער רע־זולטאַט וואָלט געווען אַ פאָלשטענדיגע רואינע, און דער צוזאַ־מענברויך פון רוסלאַנד.

— האָט נאָך אוקראַינע ניט געלערענט די אַליאירטע מלוכות, אַז דאָס פאַרנעמען פון אַ ניט־באָלשעוויסטישער טערי־טאָריע מיט אַ האַלבען מיליאָן סאָלדאַטען פאַר בלויז זעקס חדשים פאַרוואַנדעלט די באַפעלקערונג אין באָלשעוויקעס?

## דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל

דעם דריטען מערץ.

איינמאָל, ענדע מאַנאַט פעברואַר, האָט ב ו כ אַ ר י ן, דערוויסענדיג זיך, אַז איך האַלט באַלד ביים אוועקפאָהרען, מיר געזאָגט אויף אַ מיסטעריעזען אופן:

— וואַרט צו נאָך אַ פּאָר טעג, ווייל עטוואָס פון צו אינ־

טערנאַציאָנאַלער וויכטיגקייט געהט דאָ פּאַסירען, און עס וועט זיכער האָבען אַן אינטערעס פאַר אייער געשיכטע.

דאָס איז געווען דער איינציגער וואונק, וואָס איך האָב געקראָגען וועגען דער צוגרייטונג פונ׳ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל. מעהר האָט בוכארין ניט געוואָלט זאָגען.

דעם דריטען מערץ איז ריינשטיין אריינגעקומען צו מיר ארום ניין אזייגער אין דער פריה און מיר געזאָגט, אז ער האָט פאַר מיר א גאַסטום אַריינגאַנגס־בילעט צו דער קאָנ־פערענץ אינ׳ם קרעמלין. ער האָט זיך געוואונדערט, פאַרוואָס איך בין דאָרטען ניט געווען נעכטען, ווען די קאָנפערענץ איז ערעפענט געוואָרען.

איך האָב איהם געענטפערט, אז איך וויים גאָרניט וועגען דעם. ליטווינאָוו און קאַראכאַן, וועמען איך האָב ניט לאַנג צור־ריק געזעהן, האָבען מיר וועגען דעם גאָרניט דערצעהלט. זיך אָנשטויסענדיג אז דאָס מוז עס זיין דער סוד, וועלכען בוכארין האָט געהאַט אין זינען, האָב איך געדיינקט, אז דאָס האָבען זיי אומישנע געשוויגען.

איך האָב אָפּגערופען ליטווינאָוו׳ן אויפ׳ן טעלעפאָן, און איהם געפרעגט אויב זיי האָבען עפּעס אויסצוזעצען קעגען מיין אַנוועזענהייט דאָרטען. ער האָט מיר געענטפערט, אז ער האָט געדיינקט, עס וועט מיך ניט אינטערעסירען.

בין איך, אַלזאָ, אַוועקגעגאַנגען אהין. די קאָנפערענץ איז נאָך אַלץ געווען א סוד. אין די פריהמאָרגען־צייטונגען איז גאָרניט געווען וועגען דעם.

דער מיטינג איז פאָרגעקומען אין א קליינעם צימער, אין די אַלטע געריכטס־זאַלען, וועלכע זיינען אויסגעבויט געוואָרען נאָך אין די צייטען פון יעקאַטערינאַ דער צווייטער. זי וואָלט זיכער אויפגעשטאַנען פון קבר, אויב זי וואָלט געוואוסט, וואָס עס קומט דאָרטען פאָר איצט...

צוויי ספּריטנע סאָלדאַטען פון דער רויטער ארמיי האָבען געהאַלטען וואך ביי דער טיר. דאָס גאַנצע צימער, ווי אויך די פּאָדלאָגע, איז געווען דעקאָרירט אין רויטען. עס זיינען דאָרט

געוועזן בענערם מיט אויפשריפטען: „לאַנג לעבען זאָל דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל!" אין אַ סך שפּראַכען.

דער פּרעזידיום איז געזעסען אויף דער אויפגעהויבענער פּלאַטפאָרמע אין ענדע צימער. לעניז איז געזעסען אין מי־טען הינטער אַ לאַנגען טיש, באַדעקט מיט אַ רויטען טוך. רעכטס פון איהם איז געזעסען א ל ב ר ע כ ט, א יונגער דייטשער ספּאַרטאַקער. לינקס — פּ ל א ט ט ע ן, דער שווער.

יעדע וויכטיגע פּערזאָן איז דאָ געווען: טראָצקי, זינאָוו־יעוו, קאַמענעוו, טשיטשערין, בוכארין, קאַראַכאַן, ליטווינאָוו, וואָראָווסקי, סטעקלאָוו, ראַקאָווסקי, דער פאָרשטעהער פון דער באַלקאַנישער סאָציאַליסטישער פּארטיי, סקריפּניק, דער פאָר־שטעהער פון אוקראַינע; דאַן זיינען נאָך געווען שטאַנג (נאָר־וועגישע לינקע סאָציאַליסטען), גרימלונד (שוועדישע לינקע), סאַדול (פראַנקרייך), פינבערג (בריטישע סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי), אַ טערק, אַ דייטש־עסטרייכער, אַ כינעזער און נאָך. די געשעפטס־פיהרונג און די רעדעס זיינען געהאַלטען געוואָרען אין אַלע שפּראַכען, כאָטש דייטש איז געברויכט געוואָרען אַמ־מייסטען, וויל מעהר אויסלענדער האָבען געוואוסט דייטש, איידער פראַנצויזיש. דער דאָזיגער אומשטאַנד איז געווען זעהר ניט מזל'דיג פאַר מיר.

ווען איך בין אָנגעקומען, האָט מען אָפּגעגעבען באַריכטען וועגען דער לאַגע אין פאַרשיידענע לענדער. פינבערג האָט גע־רעדט ענגליש, ראַקאָווסקי — פראַנצויזיש, דאָס זעלבע סאַדול. סקריפּניק האָט זיך ענטזאָגט צו ריידען דייטש, און געוואָלט ריידען אָדער אוקראַיניש, אָדער רוסיש. אַ סך מענשען האָבען פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען ער האָט אויסגעקליבען רוסיש...

ער האָט געמאַכט עטליכע זעהר אינטערעסאַנטע באַמער־קונגען וועגען דער נייער אוקראַינישער רעוואָלוציע. דאָס אויס־הרג'ענען פון די אָנפיהרער אונטער דעם סקאָראָפּאַדסקי רע־זשים האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד אין דער באַוועגונג. שטאָדט נאָך שטאָדט, פאַלט איין נאָך אַן אינערליכען אויפ־שטאַנד. (דאָס איז געווען איידער זיי האָבען איינגענומען

ק י ע ו ו און, פארשטעהט זיך, א היבש ביסעל פריהער פאר דער איינגעמונג פון אָ ד ע ס.) די דייטשע אָקופּאציע האָט געלערנט די אוקראינישע סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען דעם זעלבען ביטערען לעסאָן, וואָס די ערפאהרונג פון די לעצטע פופצעהן חדשים האָבען געלערנט די רוסישע סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען. אלע פארטייען ארבייטען האנט אין האנט.

אָבער דער עיקר אינטערעס פון דער פארזאמלונג איז באַשטאנען אין דער שטעלונג, וואָס זי האָט אָנגענומען צו דער בערנער קאָנפערענץ. א סך בריעף זיינען ערהאלטען געוואָרען פון מאנכע מיטגלידער פון יענער קאָנפערענץ, פון ל אָ נ ג ע'ן צום ביישפיעל, וואו זיי האָבען אויסגעדריקט זייער פארדרוס, פארוואָס די קאָמוניסטען זיינען ניט געווען פארטראָטען אויף דער בערנער קאָנפערענץ.

אין מאָסקווע האָט מען אָנגענומען אזא שטאנדפונקט: דער לינקער פליגעל אין בערן האָט זיך געפיהלט זעהר שלעכט, וואָס איהם איז אויסגעקומען צו זיצען צוזאמען מיט ש י י־ד ע מ א נ'ע ן און קאָמפאניע. לאָזען זיי דעריבער אינגאנצען אָפּברעכען מיט זיי, איבעררייסען אלע פארבינדונגען מיט'ן צווייטען אינטערנאציאָנאל, און זיך אָנשליסען אָנ'ם דריטען!

עס איז געווען קלאָר, אז די דאָזיגע פארזאמלונג אינ'ם קרעמלין איז פארגעשטאלטעט געוואָרען אלס דער נוקלאוס פון א נייעם אינטערנאציאָנאל, אין אָפּאָזיציע צו יענעם אינטערנאציאָנאל, וועלכער האָט זיך פאנאנדערגעשפאָלטען אין נאציאָנאלע גרופען, יעדע איינע אונטערשטיצענדיג איהר אייגענע רעגירונג און איהרע קריעגס־ציעלען. דאָס איז געווען דער לייט־מאָטיוו פון דער גאנצער אונטערנעמונג.

ט ר אָ צ ק י, אין א לעדערנעם מאנטעל, ארמיי־הויזען און שטיוועל, מיט א פעלצענער קוטשמע, אויף וועלכער עס איז געווען דער צייכען פון דער רויטער ארמיי, האָט טאקע אויסגעקוקט גאנץ כוואטסקע, אָבער אביסעלע מאָדנע פאר די יעניגע, וועלכע האָבען איהם געקענט אלס איינעם פון די גרעסטע אנטי־מיליטאריסטען אין אייראָפּא.

ל ע נ י ן האָט זיך שטיל צוגעהערט צו אַלעמען, רייד־דענדיג אַליין בלויז, ווען נויטיג, אין כמעט יעדער אייראָפּעאישער שפּראַך מיט אַ וואונדערבאַרער לייכטקייט. ב אַ ל אַ־ב אַ נ אָ וו האָט גערעדט וועגען איטאַליען. עס איז ווירקליך געווען אַן אויסערגעוועהנליכע באַגעבענהייט און, ניט קוקענדיג אויף מאַנכע קינדערייען, איז מיר דאָך געווען קלאָר, אַז איך בין געווען אַנוועזענד אויף אַ פאַרזאַמלונג, וועלכע וועט פאַרצייכענט ווערען אין די געשיכטעס פון סאָציאַליזם, פּונקט ווי יענער זאָנדערבאַרער מיטינג, וועלכער איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אין לאָנדאָן אין יאָהר 1848.

די וויכטאַלע פיגורען פון דער קאָנפערענץ, ניט רעכענענדיג פּ ל אַ ט ט ע נ׳ ען, וועמען איך ווייס ניט און וועגען וועמען איך קאָן ניט אויסדריקען קיין מיינונג, זיינען געווען ל ע נ י ן און דער יונגער דייטש, אַ ל ב ר ע כ ט, וועלכער, אָנגעצונדען דורך די פּאַסירונגען וואָס זיינען בשעת מעשה פאָרגעקומען אין זיין לאַנד, האָט גערעדט מיט קאָפּ און כאַראַקטער. דער דייטש־עסטרייכער האָט אויך געשיינט צו זעהן אַ ווירקליכען מאַן. ר אַ ק אָ וו ס ק י, ס ק ר י פּ נ י ק און ס י ר אַ ל אַ דער פין האָבען ווירקליך רעפּרעזענטירט עפּעס. אָבער עפּעס אונעכטעס איז געווען אין דעם, וואָס פ י נ ב ע ר ג האָט רע־פּרעזענטירט די בריטישע לינקע סאָציאַליסטען און ר י נ־ש ט י י ן — די אַמעריקאַנער, ווייל קיינער פון זיי האָט ניט געהאַט קיין מעגליכקייט זיך קאָמוניקירען מיט זיינע וועהלער.

---

דעם פערטען מערץ.

מען האָט דיסקוטירט אינ׳ם קרעמלין דעם פּראָגראַם פונ׳ם נייעם אינטערנאַציאָנאַל. דאָס איז, פאַרשטעהט זיך, די דיקטאַטור פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט און אַלץ, וואָס ווערט אין דעם אַריינגענומען. ל ע נ י ן האָט געהאַלטען אַ לאַנגע רעדע, אין וועלכער דער הויפּט־פּונקט איז געווען, אַז ק ו י ט ס ק י און זיינע נאָכפאָלגער אין ב ע ר ן פאַרדאַמען איצט די זעלבע טאַקטיק, וועלכע זיי האָבען געלויבט אין 1906.

ווען איך בין אַרויס פונ׳ם קרעמלין, האָב איך געטראָפען

ס י ר אָ ל א ׳ ן ארומשפּאַצירענדיג אויפ׳ן סקוועער דרויסען פון דער געביידע, אָהן א היטעל, אָהן א מאַנטעל. דער פראָסט איז געווען אזוי גרויס, אז איך האָב געהאַלטען אין ארויפליייגען שטיקער שניי אויף מיין נאָז, כדי ער זאָל ניט אָפּפרירען. איך האָב אויסגעשריען מיין פאַרוואונדערונג.

סיראָלא האָט א שמייכעל געטאָן מיט זיין פריינדליכען שמייכעל.

— עס איז מערץ — האָט ער געענטפערט, — דער פריה־לינג וועט באַלד קומען.

---

דעם פינפטען מערץ.

די גאַנצע געהיימנסיפולקייט איז היינט פאַרשוואונדען. איך דיינק, א ביסעלע צו־פריה. וויייל ווען איך בין אָנגעקומען אין׳ם קרעמלין, האָב איך מיך דערוואוסט, אז דער ערשטער ארויסצוטרעטען אין דער אָפּאָזיציע איז געווען א מאַן, אויף וועמען איך האָב מיך ווייניגער פון אַלעמען געריכט, אז ער זאָל עס טאָן.

א ל ב ר ע כ ט, דער יונגער דייטש, איז ארויסגעטראָטען קעגען דער באַלדיגער גרינדונג פונ׳ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, אויפ׳ן דאָפּעלטען גרונט, אז, ערשטענס, זיינען דאָ ניט אַלע פעלקער געהעריג רעפּרעזענטירט און, צווייטענס, וועט דאָס פאַרשאַפען שוועריגקייטען פאַר די באַטרעפענדע פּאָליטישע פאַרטייען אין זייער אייגען לאַנד.

יעדער איינער איז געווען קעגען איהם. ר א ק א ו ו ס ק י האָט אָנגעוויזען, אז דיזעלביגע טענות האָבען דאָך געקענט אָנגעווענדט ווערען קעגען דער גרינדונג פונ׳ם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל אין ל אָ נ ד אָ ן דורך ק א ר ל מ א ר ק ס ׳ ן. דער דייטש־עסטרייכער האָט ערווידערט אויף אַלברעכט׳ם צווייטען פונקט. אנדערע האָבען איינגע׳טענה׳ט, אז די באַטרעפענדע פּאָליטישע פאַרטייען האָבען שוין לאַנג אָפּגעבראָכען אַלע פאַרבינדונגען מיט׳ן צווייטען אינטערנאַציאָנאַל.

אַלברעכט איז געווען אין א מינאָריטעט פון איינעם.

עס איז דעריבער באַשלאָסען געוואָרען, אז דיזע קאָנפע־

רענץ איז ווירקליך דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל. פלאַטטען האָט אַנאָנסירט דעם דאָזיגען באַשלוס, און די „אינטערנאַציאָנאַל“ איז געזונגען געוואָרען אין אַ צוועלף שפּראַכען מיט אַמאָל.

דאַן איז אַלבערכט אויפגעשטאַנען, אַביסילע רויט, און האָט געזאָגט, אַז ער פאַרשטעהט זיך אַנערקענט דעם דאָזיגען באַשלוס און וועט איהם באַקאַנט מאַכען אין דייטשלאַנד.

---

דעם זעקסטען מערץ.

די קאָנפערענץ אינ'ם קרעמלין האָט זיך געענדיגט מיט'ן געוועהנליכען זינגען און מיט'ן ארונטערנעמען אַ פאָטאָגראַפיש בילד. אַ שטיקעל צייט פאַר'ן שלוס, ווען ט ר אָ צ ק י האָט געענדיגט זיין רעדע און איז אַרונטערגעגאַנגען פון דער טריבונע, האָט זיך דערהערט אַ פּראָטעסט־פּישטש פונ'ם פאָטאָגראַפער, וועלכער האָט אָקאָרשט געענדיגט אָנשטעלען זיין אַפּאַראַט. איינער האָט באַמערקט: „די דיקטאַטור פונ'ם פאָטאָגראַפער!“ אונטער אַן אַלגעמיינעם געלעכטער האָט זיך טראָצקי געמוזט אומקערען אויף דער טריבונע און שטעהן שטיל, בשעת דער איינגעשפּאַרטער פאָטאָגראַפער האָט אַרונטערגענומען צוויי בילדער.

די גרינדונג פונ'ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אין די מאָרגען־צייטונגען, און אַן אויסערגעוועהנליכער מיטינג איז אַנאָנסירט געוואָרען אויפ'ן זעלביגען אָוונט אינ'ם גרויסען טעאַטער.

איך בין אָנגעקומען צום טעאַטער אַרום פינף אַזייגער נאָכמיטאָג, אָבער איך האָב געהאַט גרויסע שוועריגקייטען אַריינצוקומען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איך האָב געהאַט אַ ספּעציעלען בילעט אַלס קאָרעספּאָנדענט. דרויסען ביי אַלע טירען זיינען געשטאַנען גרויסע „ליינס“. עס איז דאָ געווען דער מאָסקווער סאָוועט, דער עקזעקוטיווו קאָמיטעט, פאָרשטעהער פון די יוניאָנס און פאַבריק־קאָמיטעטען, א. אַ. וו.

דער גרויסער טעאַטער און די פּלאַטפאָרם זיינען געווען געפּאַקט. מענשען זיינען געשטאַנען אין די דורכגאַנגען און אפילו

הארט ארום דער ביהנע. ק אַ מ ע נ י ע ו ו האָט געעפענט דעם מיטינג מיט אַ פייערליכע ערקלערונג, אַז דער דריטער אינ־טערנאַציאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרען אינ׳ם קרעמלין. אַ שטורם פון אַפּלאָדיסמענטען האָט אויסגעבראָכען אין דער אוי־דיענץ. אַלע זיינען אויפגעשטאַנען און געזונגען דעם „אינטער־נאַציאָנאַל“. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט אַזוי זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ זינט דער אַל־רוסישער פאַרזאַמלונג, בשעת די ברעסט־ליטאָווסקער אונטערהאַנדלונגען, ווען עס איז אָנגעקומען די נייעס וועגען דעם אויסברעכען פון סטרייקס אין דייטשלאַנד.

ק אַ מ ע נ י ע ו ו האָט דאַן גערעדט וועגען די יעניגע, וועלכע זיינען געשטאָרבען פאַר דער צייט, און האָט דערמאָנט ליעבקנעכט׳ען און ראָזאַ לוקסעמבורג׳ן. דער גאַנצער טעאַטער איז ווידער אויפגעשטאַנען און דער אָר־קעסטער האָט געשפּיעלט „ווי זשערטוואָיו פּאַלי“. דערנאָך האָט גערעדט ל ע נ י ן.

אויב איך האָב ווען עס איז געדיינקט, אַז לענין פאַרלירט זיין פּאָפּולאַריטעט, האָב איך איצטער געקראָגען אַן ענטפער. עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט, ביז ער איז געווען אימשטאַנד אָנצוהויבען ריידען. יעדער איינער איז אויפגעשטאַנען און האָט שטורמיש אַפּלאָדירט. עס איז געווען אַן אויסערגעוועהנ־ליכע סצענע. אַלע באַלקאָנען אָנגעשטאָפּט מיט ארבייטער, דער פּאַרטער געפּאַקט, און די גאַנצע פּלאַטפאָרמע און די פליגלען אָנגעפילט מיט מענשען. לעבען מיר איז געשטאַנען אַ קופּע ארבייטס־פרויען. זיי האָבען זיך כמעט ווי געשלאָגען פאַר דער מעגליכקייט צו קענען זעהן ל ע נ י נ׳ ע ן. יעדע איינע פון זיי האָט אַזוי געשריען, אַקוראַט ווי זי וואָלט ניט אַנדערש גע־וואָלט, אַז ל ע נ י ן זאָל זי זעהן.

ל ע נ י ן האָט גערעדט, ווי געוועהנליך, זעהר איינפאַך, אונטערשטרייכענדיג דעם פאַקט, אַז דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף אומעטום איז געצוואונגען אָנצונעמען די פאָרמען פון די סאָוועטען. „מיר ערקלערען אונזער סאָלידאַריטעט מיט די ציע־לען פון די סאָוועטיסטען“,—האָט ער געלייענט אַן אויסצוג פון

אַן איטאַליענישער צייטונג. „און דאָס איז נאָך געווען איידער זיי האָבען געוואוסט, וואָס עס זיינען אונזערע ציעלען, און איי־דער נאָך מיר זעלבסט האָבען פעסטגעשטעלט אונזער פּראָגראַם.“

אַ ל ב ר ע כ ט האָט געהאַלטען אַ לאַנגע דורכגעטראַכטע רעדע פאַר די ספּאַרטאַקער, ט ר אָ צ ק י האָט זי איבערזעצט. ג ו ל י ב אַ, כמעט נאָך אַ קינד, האָט גערעדט וועגען דער פראַנ־צויזישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ס ט ע ק ל אָ ו ו האָט איהם געהאַלטען אין איבערזעצען, ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען. איהר דאַרפט ניט פאַרגעסען, אַז איך האָב פאַר צוויי יאָהר צייט געהערט אַזעלכע מיטינגען, און איך בין דאָך ניט קיין רוס. ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען פונ׳ם טעאַטער, איז לעבען יעדער טיר געשטאַנען אַן ענטוישטער עולם, וועלכער האָט ניט געקענט אַריינקומען אינווייניג.

די קאָנפערענץ־פּאַסירונגען האָבען זיך פאַרענדיגט נעקס־טען טאָג מיט אַ פּאַראַד אינ׳ם רויטען סקווער און אַן אַלגעמיי־נעם יום טוב.

אויב די בערנער דעלעגאַטען וואָלטען געהאַט געקומען, ווי ערוואַרטעט, וואָלטען די קאָמוניסטען זיי פּשוט געזאָגט, אַז זיי זיינען טאַקע אָנגעלייגטע געסט, אָבער מען באַטראַכט זיי ניט אַלס פאָרשטעהער פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַל. אַ לעבעדיגער קאַמף וואָלט דאַן פאָרגעקומען איבער יעדען דעלעגאַט, די מענ־שעוויקעס, ווילענדיג איהם איינריידען, אַז ער זאָל זיך האַלטען פעסט אָן ב ע ר ן, און די באָלשעוויקעס — אַז ער זאָל אויס־דריקען זיין געטריישאַפט צום ק ר ע מ ל י ן. דעמאָנסטראַ־ציעס און קאָנטר־דעמאָנסטראַציעס וואָלטען דאַן פאָרגעקומען. און אַרום און אַרום טוט עס מיר באַנג, וואָרום דאָס האָט ניט פּאַסירט, און איך בין דאָרטען ניט געווען צו זעהן דאָס אַלעס.

# מיין לעצטער געשפרעך מיט לענינ'ען.

איך בין געגאנגען זעהן לענינ'ען אויף מאָרגען נאָכ'ן פּאראד אינ'ם רויטען סקוועיר, און דעם אַלגעמיינעם יום טוב לכבוד דעם דריטען אינטערנאציאָנאל.

דאָס ערשטע וואָס ער האָט מיר געזאָגט, איז געוועזן:

— איך האָב מורא, אַז די ענגלישע און פראנצויזישע דזשינגאָס וועלען אויסנוצען די נעכטיגע פּאסירונגען אַלס אַן אויסרייד פאר זייער ווייטערדיגען קאַמף קעגען אונז. זיי וועלען זאָגען: „ווי אזוי קאָנען מיר זיי לאָזען צורוה, אַז זיי ווילען אונטערצינדען די גאנצע וועלט?" אָבער צו דעם וואָלט איך געענטפערט: „מיר האַלטען מלחמה, מיינע הערשאַפטען - און פּונקט ווי בשעת אייער מלחמה האָט איהר זיך באַמיהט אויפצוהויבען אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, און פּונקט ווי דייטשלאַנד האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס, אבי אָנצומאכען טראָבעל אין אירלאַנד און אינדיען, פּונקט אזוי נעמען מיר אָן, פאַר דער צייט וואָס מיר האַלטען מלחמה מיט אייך, אַלע מיטלען וואָס מיר קענען. מיר האָבען שוין אייך געזאָגט אַז מיר זיינען גרייט צו שליסען פריעדען.

ער האָט גערעדט וועגען טשיטשערינ'ס לעצטע נאָטע, און האָט געזאָגט, אַז זיי האָבען אויף איהר אַרויפגעלייגט זייערע אַלע האָפנונגען. ב א ל פ ו ר האָט ערגעץ געזאָגט: „זאָל זיך דאָס פאָלק אויסברענען". דאָס וועט ניט פּאסירען. אָבער דער בעסטער וועג אויף אומצוקעהרען אָרדנונג אין רוסלאַנד וואָלט געווען, ווען די אַליאירטע שליסען שלום מיט רוסלאַנד.

— איך בין איבערצייגט, אַז מיר קענען זיך אויסגלייכען, אויב זיי ווילען אין אַלגעמיין זיך אויסגלייכען. ענגלאַנד און אַמעריקאַ וואָלטען שוין אפשר איינגעגאַנגען אויף דעם, נור פראַנקרייך בינדט זיי די הענט. אָבער אַן אינטערווענציע אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב קאָן איצטער קוים פּאַרקומען. זיי האָבען זיך שוין מסתמא דערוואוסט, אַז רוסלאַנד קאָן ניט רעגירט ווערען אויפ'ן זעלבען אופן, ווי אינדיע. שיקען סאָלדאַטען קיין רוסלאַנד מיינט — שיקען זיי אין אַ באָלשעוויסטישען קאָלעדזש.

איך האָב איהם דערצעהלט עטוואָס וועגען דער אַלגעמיי־נער פיינדשאַפט צו זייער פּראָפּאַגאַנדאַ, וועלכע איז צו באַמער־קען אין אַלע לענדער.

לענין: „זאָגט זיי, אַז זיי זאָלען אויסבויען אַ כינע־זישע וואַנט אַרום יעדען לאַנד. זיי האָבען דאָך זייערע טאַ־מאָזשנע־בעאַמטע, זייערע גרענעצען, זייערע ים־ברעג־וואַכלייט. זיי קאָנען אויסשליסען יעדען באָלשעוויק, וועלכען זיי ווילען נאָר. רעוואָלוציע ווענדט זיך ניט אָן פּראָפּאַגאַנדאַ. אויב די אוימשטענדען פאַר אַ רעוואָלוציע עקזיסטירען ניט אין אַ לאַנד, קאָן ניט קיין שום פּראָפּאַגאַנדאַ זיי פאַרשנעלערען אָדער פאַר־הינדערען. די מלחמה האָט געבראַכט מיט זיך אַזעלכע אומ־שטענדען אין אַלע לענדער. איך בין איבערצייגט, אַז אויב אפילו רוסלאַנד וואָלט היינט צו טאָג איינגעשלונגען געוואָרען דורכ'ן ים און וואָלט אינגאַנצען אויפגעהערט צו עקזיסטירען, וואָלט די רעוואָלוציע אין אייראָפּאַ אַלץ אָנגעגאַנגען. האָלט אפילו רוס־לאַנד אונטער'ן וואַסער פאַר צוואַנציג יאָהר צייט, און דאָס וועט ניט ענדערען די פאָדערונגען פון די ענגלישע אַרבייטער".

איך האָב איהם געזאָגט דאָס זעלבע וואָס איך האָב אַ סך מאָל געזאָגט זיינע חברים, אַז איך גלויב ניט אין דער מעגליכ־קייט פון אַ רעוואָלוציע אין ענגלאַנד.

לענין: „עס איז דאָ אַ גלייכוואַרטעל, אַז איינער קען זיין קראַנק אויף טיפוס און נאָך אַלץ אַרומגעהן. מיט אַ יאָהר צוואַנציג אָדער דרייסיג צוריק האָב איך געהאַט אַ טיפוס און איך בין מיט דעם אַרומגעגאַנגען פאַר עטליכע טעג, איידער איך האָב מיך געמוזט אַנידערלייגען אין בעט. וועלל, ענגלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליען האָבען זיך שוין אָנגעשטעקט מיט דער דאָזיגער חלאת. עס קאָן זיך אייך אפילו אויסדוכטען אַז ענג־לאַנד איז אומבאַריהרט, אָבער, איך פאַרזיכער אייך, דער מי־קראָב איז זיכער דאָרטען."

איך האָב איהם אָנגעוויזען דעם אומקלאָרען, אומפּאַראַיי־ניגטען כאַראַקטער פון די ענגלישע סטרייקס. די אַרבייטער־באַוועגונג, אויף ווי ווייט זי איז פּאָליטיש, איז מעהר פון אַ

ליבעראַלען איידער סאָציאַליסטישער כאַראַקטער. זי דערמאָנט מיך אָנ'ם יאָהר 1905 אין רוסלאַנד, אָבער ניט אָן 1917. אַלץ אַלץ וועט זיך זיכער בארוהיגען אין ענגלאַנד.

ל ע נ י ן: „יאָ, דאָס איז מעגליך. עס איז אפשר בלויז אַן ערציהונגס־פּעריאָד, אין וועלכען עס וועלען קלאָר ווערען פאַר די ענגלישע ארבייטער זייערע פּאָליטישע נויטען, און זיי וועלען זיך אָפּווענדען פונ'ם ליבעראַליזם צום סאָציאַליזם. דער סאָציאַליזם איז גאַנץ שוואַך אין ענגלאַנד. אייערע סאָציאַליסטשע באַוועגונגען, אייערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען... ווען איך בין געווען אין ענגלאַנד האָב איך אייפריג באַזוכט אַלץ, וואָס איך האָב געקענט. פאַר אַ לאַנד מיט אַזאַ גרויסער אינדוסטריעלער באַפעלקערונג איז דאָס געווען ווייניג, ווייניג... אַ הייפּעלע אויף אַ גאַסען־ראָג... אַ פאַרזאַמלונג אין אַ סאַלאָן... אַ שול־קלאַס... ווייניג. איהר מוזט אָבער האָבען אין זינען דעם גרויסען חילוק צווישען דעם רוסלאַנד פון 1905 און דעם היינטיגען ענגלאַנד. דער ערשטער סאָוועט אין רוסלאַנד איז געגרינדעט געוואָרען ערשט בשעת דער רעוואָלוציע. אָבער אייערע „שאַפּ־סטיואַרדס" קאָמיטעטען עקזיסטירען שוין לאַנג. זיי זיינען נאָך אָהן אַ פּראָגראַם, אָהן אַ ריכטונג, אָבער די אָפּאָזיציע, וואָס זיי וועלען באַגעגענען וועט אויף זיי ארויפצווינגען אַ פּראָגראַם."

ריידענדיג וועגען דעם ערוואַרטעטען באַזוך פון דער בערנער דעלעגאַציע, האָט ער מיך געפרעגט, אויב איך קען מ ע ק ד אָ נ א ל ד'ן, וועלכער, לויט די לעצטע טעלעגראַמען וועגען זיין קומען, דאַרף פאַרנעמען ה ע נ ד ע ר ס אָ נ'ס אָרט.

ער האָט געזאָגט:

— עס פרעהט מיך זעהר וואָס מ ע ק ד אָ נ א ל ד וועט קומען אָנשטאָט ה ע נ ד ע ר ס אָ נ'ען. עס פאַרשטעהט זיך, אַז מ ע ק ד אָ נ א ל ד איז ניט קיין מאַרקסיסט אין קיין איינציגען זין פונ'ם וואָרט. אָבער ער איז אַמווייניגסטען פאַראינטערעסירט אין טעאָריע, מען קען דעריבער זיך פאַרלאָזען אויף איהם, אַז ער וועט טאָן זיין בעסטעס כדי צו פאַרשטעהן וואָס עס קומט דאָ פאָר. מעהר ווי דאָס פאַרלאַנגען מיר ניט.

מיר האָבען דאַן גערעדט וועגען אַ געגענשטאַנד, וועלכער אינטערעסירט מיך זעהר אַ סך. נעמליך, וועגען דעם אופן, אויף וועלכען, גאַנץ באַזונדערס פון דער מלחמה, די קאָמוניסטישע טעאָריעס ווערען מאָדיפיצירט בשעת דעם שווערען פּראָצעס פון זייער אָנגעווענדעט ווערען אין דער פּראַקטיק. מיר האָבען גע־רעדט וועגען די ענדערונגען אין דעם „ארבייטער׳ס קאָנטראָל“, וועלכער איז איצט גאָר ניט עהנליך אויף יענער ווילדער קאָמי־טעטען־אָרגאַנזשירונג, וועלכע האָט צוערשט אונמעגליך געמאַכט יעדע סאָרט ארבייט.

דאַן האָבען מיר גערעדט וועגען דער אַנטיפּאַטיע, וואָס די פּויערים פיהלען צום צוואַנגס־קאָמוניזם, און ווי די לעצטע אי־דעע איז אויך באַדייטענד געענדערט געוואָרען. איך האָב איהם געפרעגט, וואָס, דיינקט ער, וועלען זיין די פאַרהעלטניסען צווישען די שטאָדט־קאָמוניסטען און די אייגענטום־ליעבהאָבענ־דע פּויערים, און צי איז ניטאָ קיין גרויסע געפאַהר פון אַ געגענ־זייטיגער אַנטיפּאַטיע צווישען זיי. איך האָב אויסגעדריקט מיין באַדויערען וואָס איך מוז באַלד אַוועקפאָהרען און וועל דעריבער ניט זיין אימשטאַנד צו זעהן, ווי אַזוי די עלאַסטיציטעט פון די קאָמוניסטישע טעאָריעס וועט אויסשטעהן דעם אומפאַרמיידלי־כען דרוק פון׳ם פּויערטום.

ל ע נ י ן האָט געזאָגט, אַז אין רוסלאַנד איז דאָ אַ שאַר־פער גרענעץ צווישען די רייכע און די אָרימע פּויערים. „דער איינציגער ווידערשטאַנד וואָס מיר האָבען דאָ קומט דירעקט אָדער אומדירעקט פון די רייכע פּויערים. די אָרימע, אַזוי שנעל וו זיי ווערען באַפרייט פון דער פּאָליטישער הערשאַפט פון די רייכע געהען גלייך איבער אויף אונזער צד און די לעצטע זיי־נען אין אַ גוואַלדיגער מאַיאָריטעט.“

איך האָב געזאָגט, אַז אין אוקראַינע איז אָבער די לאַגע גאַנץ אַנדערש, ווייל אייגענטום צווישען די פּויערים איז דאָר־טען אַ סך גלייכער פאַנאַנדערגעטיילט.

ל ע נ י ן: „יאָ. און דאָרטען אין אוקראַינע, וועט איהר טאַקע זעהן, ווי אונזער פּאָליטיק וועט מאָדיפיצירט ווערען. עס אַז זעהר מעגליך, אַז דער ברודער־קריעג זאָל זיין ביטערער אין

דער אוקראַינע, ווי ערגעץ אַנדערש, ווייל דאָרטען איז דער איי־
גענטום־אינסטינקט צווישען די פּויערים אַ סך מעהר ענטוויקעלט,
און די מינאָריטעט און מאַיאָריטעט זיינען כמעט גלייך.“

ער האָט מיך געפרעגט, אויב איך דיינק צו פאָהרען אהיים,
און האָט מיר געזאָגט, אז איך קאָן אַרונטערפאָהרען קיין
ק י ע װ צו בעאָבאַכטען די רעוואָלוציע דאָרטען, פּונקט ווי
איך האָב זי בעאָבאַכטעט אין מ אָ ס ק װ ע. איך האָב געענט־
פערט, אַז עס וואָלט מיר זעהר ווערה געטאָן צו טראַכטען, אַז
דאָס איז מיין לעצטער באַזוך אין אַ לאַנד, וועלכעס איך האָב
ליעב מעהר פון אַלע לענדער, אויסער ענגלאַנד.

ער האָט געלאַכט און האָט מיר געגעבען אַ קאָמפּלימענט,
אַז „כאָטש אַן ענגלענדער“, איז מיר אָבער מעהר אָדער וויניגער
געלונגען צו פאַרשטעהן, וואָס זיי ווילען, און האָט צוגעגעבען, אַז
עס וועט איהם פרעהען צו זעהן מיך נאָכאַמאָל.

## די נסיעה צוריק.

דעם פּופצעהנטען מערץ.

איך האָב גאָרניט וואָס צו דערצעהלען וועגען די לעצטע
טעג פון מיין באַזוך. זיי זיינען געווען פאַרנומען מיט'ן צונויפ־
זאַמלען און איינפּאַקען פאַרשיידענע אויסגאַבען און גרייטען זיך
אָפּצופאָהרען.

איך בין אָפּגעפאָהרען מיט צוויי אַמעריקאַנער, די הערען
ב ו ל ל י ט און ס ט ע פ ע נ ס, וועלכע זיינען געקומען קיין
מאָסקווע מיט עטליכע טעג פריהער. מיר זיינען געפאָהרען אין
איין צוג מיט ב י ל ל ש אַ ט אָ װ'ן, דעם קאָמענדאַנט
פון פּעטראָגראַד. ער איז ניט קיין באָלשעוויק, נאָר אַ הייסער
נאָכפאָלגער פון פּרינץ ק ר אָ פּ אָ ט ק י נ'ען, פאַר דער
פאַרשפּרייטונג פון וועמעס ווערק אין רוסלאַנד ער האָט אויפגע־
טאָן אַזוי פיעל, ווי אירגענד וועלכער מענש.

ש אַ ט אָ װ איז געווען אַן עמיגראַנט אין נויאָרק, ער
האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד, האָט אַריינגעבראַכט אָרד־
נונג אין דעם כאַאָס פון דער פּעטראָגראַד־מאָסקווער אייזענ־

באהן, און האָט קיינמאָל ניט דורכגעלאָזען קיין געלעגענהייט צו טאָן א טובה אַן אַמעריקאַנער. מיט זיין קלאָרען קאָפּ און פּראַקטישען זין איז ער געוואָרען איינער פון די טיכטיגסטע אַר־בייטער אין דער סאָוועטען־רעגירונג, כאָטש, ווי ער אַליין האָט געזאָגט, אַזוי שנעל ווי די אַטאַקעס פון דרויסען וועלען אויפ־הערען, וועט ער זיין דער ערשטער ארונטערצורייסען די באָל־שעוויקעס.

ער איז געפאָהרען אין די אָקופּירטע פּראָווינצען, אין דער צייט ווען די דייטשען האָבען זיי עוואַקואירט, איינצוקויפען אַמוניציעס און וואפען ביי די דייטשע סאָלדאַטען. די פּרייזען, דערצעהלט ער, זיינען געווען זעהר נידריגע. פאַר א מאַרק האָט מען געקאָנט קויפען א ביקס, א פעלד־הארמאַט פאַר 150 מאַרק, און א פעלד־דראָטלאָזע סטאַנציע — פאַר 500 מאַרק.

ש א ט אָ ו ו איז דאַן באַשטימט געוואָרען אַלס דער קאָ־מענדאַנט פון פּעטראָגראַד, כאָטש מען האָט איהם צוערשט גע־וואָלט איבערגעבען די רעאָרגאַניזירונג פון׳ם טראַנספּאָרט. אויף דער פראַגע, ווי לאַנג, נאָך זיין מיינונג, קאָן די סאָוועטען־רעגי־רונג אויסהאַלטען? האָט ער געענטפערט:

— מיר קענען זיך ערלויבען צו הונגערען נאָך א יאָהר צוליעב דער רעוואָלוציע.

ע נ ד ע

# אינהאלט: